גרשון מינקאוויטש

# פון גלות דייטשלאַנד ביז מדינת ישראל

האוואנא, קובא — 1952     הבנה, קובה — תשי"ג

ג ע װ י ד מ ע ט :

מײַן מאַמען רײזל, װעלכער איך האָב נים געקענט, צו װעלכער איך צי זיך שטענדיק מיט אַלע פֿעדים פֿון מײַן נשמה;

מײַן פֿאָטער דוב, מיט די שטענדיקע לויכטנדע װאַרעמע אויגן, אין װעלכע איך פֿלעג זען אַ קװאַל פֿון לעבן, װאַרעמקייט און אומבאַגרענעצטע ער־לעכקייט;

מײַן שװעסטער יוכבד, מאַן, קינד און אַנדערע פֿון דער משפּחה, װעלכע די נאַציס האָבן אומגעבראַכט.

## אָפּטיילונגען:

1 — גלות דייטשלאַנד.

2 — קובאַ.

3 — מדינת ישראל.

4 — ציוניסטישע טעמעס.

# אויפן וועג קיין דייטשלאַנד

אונזער עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באַראַנאָוויטש, וואוהין מיר זענען אָנגעקומען נאָך האַלבע נאַכט. אַזוי ווי אַפּפאָרן האָבן מיר געדאַרפט ערשט אין דער פרי, בין איך אַוועק באַזוכן מיין שטאָט, וואו כ'האָב געוואוינט. מיט גיכע טריט, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, בין איך געגאַנגען דורך שאָסיינע גאַס פון דער אַלטער סטאַנציע. די גאַס איז גראָדע געבליבן גאַנץ. ווייטער באַגעגן איך נאָר פּוסטע פעלדער. אַלע גאַסן כמעט זענען אָפּגעמעקט. אין שטאָט הערשט אַ פינסטערקייט. וואו ניט וואו בלאַנקען פייערלעך פון הייזער, וועלכע זענען געבליבן גאַנץ און וואו אַ לעבן פּולסירט איצט. אָט איז קאָמסאָמאָלסקאַיאַ גאַס (אַמאָליקע נאַרוטאָוויטשא). דאָ איז געווען מיין פּלאַץ פון אַרבעט. כ'גיי צו אולאַנסקאַ גאַס, וואו מיין אָנקל האָט געוואוינט, דער עלטערער אייניק לוסטיקער אברהם, וועלכער האָט זיין גאַנצע פרייע צייט געווידמעט וואוילטעטיקע אַרבעטן. אָט איז מינסקאַ גאַס, וואו עס איז געווען אַ גאַנצער הויף פון מיינע פריינט, אָנקל'ס, קוזינס און קוזינעס מיט זייערע פאַמיליעס. אויף די אַלע פּלעצער איז איצט פאַרזייט קאַרטאָפל... איך בין געשטאַנען און די אָרטער ניט געקענט דערקענען. אַן אַלטישקע קריסטן, וועלכע האָט געהיט די קאַרטאָפל, האָט מיר אָנגעוויזן די פּלעצער, וואו מיינע פריינט האָבן געוואוינט.

איך בין אַוועק אויף דער הויפּט גאַס שעפּטיצקיעגאַ, שפּעטער סאָוועטן גאַס, וועלכע איז געבליבן טיילווייז גאַנץ. אויף די ראָגן גאַסן האָבן געברענט גרויסע פייער־לאָמפּן, לעבן וועלכע עס זענען געשטאַנען רויט־אַרמייער אויף דער וואַך. די גאַס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ האַלב טונקלקייט. וואו ניט וואו האָט געצאַנקט אַ ליכט. אין פיל קוואַרטירן זענען געזעסן מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט און געמאַכט שוין געוויס פּלענער וועגן צוריק אויפבויען דער שטאָט. דער רויט־אַרמייער וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דעם רעשט ביסל איבערגעבליבענעם לעבן אין שטאָט אָפּגעהיט, אַז עפּעס שלעכטס זאָל ניט פּאַסירן.

אַזוי האָט אויסגעזען מיין שטאָט באַראַנאָוויטש, וואו 25 טויזנט אידן האָבן געלעבט. דער הימל האָט זיך פאַרצויגן מיט טונקע־

לע וואָלקנס, וועלכע האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף די טיילן הימל, וועלכע זענען פון אָנהויב אוונט געווען העל. אַ פינסטערניש האָט איינגעהילט אַלעם אַרום. אַ ווינט האָט מיט אַ ווילדער קראַפט געגומען יאָגן און עס האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רעגן, צו ערשט מיט דראָבנע טראָפּנס און דערנאָך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. אַ מבול פון וואַסער האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון דער הויך. כ'האָב מיך צוגערוקט צו אַ הויז, וואו כ'האָב זיך פאַרבאַהאַלטן אונטערן שויץ פון אַ באַלקאָן.

דער ווינט האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, מיט מער קראַפט און אַ ווילדן וואָיען, געיאָגט איבער דער פוסטער שטאָט. עס האָט מאָדנע רואיק זיך געפילט מיין נשמה אין צייט פון שטורעם. עס האָבן זיך אַזוי אַריינגעפּאַסט די געדאַנקען — אין אָנבליק פון דער חרובער שטאָט — צום שטורעם און שלאַקס רעגן, וועלכער האָט געגאָסן אָן אויפהער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער ווינט דערציילט דאָס אַלעם וואָס האָט דאָ פּאַסירט און זאָגט אָן, אַז ער איז דאָ דער בעל־הבית נאָך דער צעשטערונג. עס האָבן זיך געבילדעט גאַנצע קאַלוזשעס וואַסער, וועלכע האָבן זיך פאַרביטן אין פליִיצנדע טייכלעך אין די רינשטאָקן.

דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שטערן. כ'האָב אויף אַ מינוט פאַרגעסן די פּאַסירונגען אַרום און געדיינקט צו דערזען די שטאָט איצט מיט אירע טויזנטער ליכט און הונדערטער שפּאַצירנדע נאָכן שלאַקס רעגן, ווי אין אַמאָליקע צייטן. די פינסטערניש פון שטאָט אויך ווייטער, האָט מיך דערמאָנט וואו כ'בין און מיט שנעלע טריט האָב איך געאיילט צום עשאַלאָן.

זיי געזונט, דו חרובע און אויסגעליידיקטע באַראַנאָוויטש. איך האָב געזעגנט דער שטאָט ווי אַ שוועסטער און מיך האָט זיך געדוכט, אַז די שטאָט האָט מיר אַ „זיי־געזונט" געזאָגט.

אויף מאָרגן האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין ליעכאָוויטש, די שטאָט פון קבר פון מיין משפּחה. 15 מינוט איז געשטאַנען אונזער עשאַלאָן דאָ. כ'בין אַרויס אויפן וואָקזאַל, וואו אַ קריסט האָט מיר אָנגעוויזן: אָט זע — האָט ער מיר געצייגט אַ נאָענטן פעלד נעבן אַ

וועלדל — דאָרט האָט מען אַלע אידן באַגראָבן אין איין גרויסער גרוב.

און ער האָט ווייטער דערציילט:

מיך פּלעגט פּייניקן זיין צו קוקן יעדן טאָג, ווען מען האָט זיי געפירט צו דער ארבעט אָפּגעריסענע און געשוואָלענע פון הונגער. ווען כ'פּלעג זיי באַגעגענען, פלעג איך די אויגן צו דער ערד אַראָפּלאָזן, כ'האָב מיך געפילט ווי שולדיק פאַר זיי.

כ'האָב באַמערקט ווי ער איז שטאַרק בלאַס געוואָרן פון איבערגעבן די דאָזיקע זכרונות... וואָס האָב איך געקענט ריידן, ענטפערן און פרעגן... כ'האָב אים אַ גוטן טאָג געזאָגט און מיטנעמענדיק די נאָענטע פעלד און וועלדל אויף אייביק אין מיין געדאַנק, בין איך אריין אין מיין וואַגאָן און מיר זענען אָפּגעפאָרן ווייטער. כ'האָב קיין זיי געזונט דעם פאַליע ניט געקענט זאָגן, דאָך שעלטן ניט געקענט, ווייל דאָרט זענען געלעגן הונדערטער קדושים.

מיר פאָרן ביז ברעסלאוו, איצט וראָצלאוו. די שטאָט איז זייער צעשמעטערט פון באָמבאַרדירונג. דאָ קריגן מיר וואוינונגען און מיר הויבן זיך אָן איינצואָרדענען צוביסלעך. די צייטן זענען אומרואיקע אין פּוילן, די באַנדעס הוליען נאָך. דאָך שטאַרקט זיך מיט יעדן טאָג דער איינפלוס פון דער רעגירונג. די אידישע אינסטיטוציעס פירן אַ שטאַרקע טעטיקייט. אַלע אַמאָליקע פּאַרטייען און גרופּירונגען האָבן אויפגעלעבט, האָבן זייערע צענטראַל קאָמיטעטן און אָרגאַניזאַציעס איבערן גאַנצן לאַנד. אפילו דער „בונד" איז תחית המתים אויפגעשטאַנען און באַמיט זיך צופּאַסן זיינע פאַר־מלחמה'דיקע פּראָגראַמען צו דער נייער צייט. כאַראַקטעריסטיש! ניט קוקנדיק וואָס אונזער טראַגעדיע אין דער וועלט־מלחמה איז אַזוי גרויס, איז קיין איין פּאַרטייעלע ניט אָפּגעמעקט געוואָרן. אַלע זענען דאָ אין קאַמפּלעט.

אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט פירט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. זייענדיק אָפּגעריסן פיל יאָרן פון ממשות'דיקע טעטיקייטן, איז זי צוגעטראָטן מיט אַ ברען צו איר ארבעט פאַרן קאַמף פון אַן אידישע מלוכה, וועלכע פילט זיך איצט ווי אַ נויטווענדיקייט, אין אָנבליק פון דער געשאַפענער לאַגע.

קיין עסטרייך האָבן געשטראָמט אַ סך אידן. מחנות'ווייז זענען זיי געקומען מיט קליינע קינדער אויף די הענט און רוק־זעק אויף די פּלייצעס. דער באַגאַזש פון די „רייכערע" איז באַשטאַנען פון עט־לעכע וואַליזעס אַ צוגאָב צום רוק־זאַק. צו ערשט פלעגן זיי אַדורכ־גיין אַ מעדיצין־קאָנטראָל אין ווינער ראָטשילד שפּיטאָל. מ'פלעגט דאָ געבן די ערשטע נויטיקע הילף. כ'בין אַרויסגעפאָרן פון פוילן מיט אַ קיבוץ פון 500 קליינע קינדער און האָב זיך פאַרהאַלטן אין ווין צוויי וואָכן.

מיט דער רעגיסטראַציע פון די אידן, זייער אָרגאַניזירונג, מאַ־טעריעלע און מאָראַלישע באַזאָרגונג, האָט זיך פאַרנומען די אַזוי גע־רופענע „בריחה", דאָס איז געווען אַ קאָאָרדינירונג פון אַלע ציוניס־טישע גרופּירונגען. מען מוז מודה זיין, אַז די „בריחה" האָט זיך גלענצנד אַן עצה געגעבן מיט אירע אויפגאַבן.

דער שטראָם פון די אויסגעוואַנדערטע היימלאָזע אידן איז גע־גאַנגען נאָך דייטשלאַנד, הויפּטזעכלעך אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. אַ קליינער פּראָצענט איז געגאַנגען אין דער ענגלישער זאָנע. אַ טייל איז אויך פאַרבליבן אין לאַגערן פון עסטרייך. די אַמעריקאַנער מי־ליטער מאַכט האָט אַרויסגעוויזן פיל הומאַניטעט, אויפנעמענדיק די שטראָמען אידן אין איר זאָנע.

צוזאַמען מיטן קינדער קיבוץ בין איך איבערגעטראָטן די דייטשישע ערד. מיר זענען אָנגעקומען נאָך לאַנדסוט, הונדערט קילאָמעטער פאַר מינכען. דאָ זענען געווען אויפגעשטעלטע טויזנטער געצעלטן, וועלכע האָבן געדינט פאַר אַ טראַנזיט לאַגער, וואו די אידן פלעגן דאַרפן אַדורכגיין 2 וואָכעדיקן קאַראַנטין און דאַן פאַנאַנדער־געשיקט ווערן אין סטאַבילע לאַגערן. דער האַרבסט האָט זיך שוין דערנענטערט. ביי טאָג פלעגט נאָך שיינען די זון, אין די אָוונטן פלעגט אין געצעלט אויסטרייסלען אַ צאָן נאָך אַ צאָן. די קינדער פלעגן זיך גוט אַדורכפרווירן דורך דער נאַכט. מיטן צוג זענען מיר אַפּגעפאָרן פון לאַנדסוט קיין ראָזענהיים, וועלכע געפינט זיך נישט ווייט פון מינכען.

דער טאָג, ווען מיר זענען אַריבערגעפאָרן פון לאַנדסוט נאָך ראָ־זענהיים איז געווען אַ העל זוניקער. די זון האָט מיט אירע לעצטע פרילינג שטראַלן באַוואַרעמט אַלעס אַרום. דער צוג איז געגאַנגען שנעל. די רעדער האָבן צוגעקלאַפּט צום טאַקט און דער לאָקאָמאָטיוו

האָט פון צייט צו צייט דורכגעשניטן די לופט מיט אַדורכדרינגענדן פייף. פאַר די אויגן האָבן זיך פאַרביינגעטראָגן פעלדער, וועלדער, דייטשישע דערפלעך און שטעט. אויף די פעלדער איז נאָך אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע אַרבעט ביים צונויפקלייבן דעם יאָר גערעטעניש און פאַרזייען דעם ווינטער פּאַרזיי.

אַ מאָדנער געפיל פון אויפגערעגטן צושטאַנד האָט מיך באַהערשט ווען כ'האָב באַטראַכט די דייטשישע ערד. דער געפיל האָט שוין מיך ניט אָפּגעלאָזן, ביז כ'האָב ניט פאַרלאָזן דער פאַרשאָלטענער ערד און דער גורל האָט געוואָלט כ'זאָל דאָרט מוזן פאַרברייגגען גאַנצע ניין מאָנאַטן צייט.

דער צוג איז געלאָפן און פאַר די אויגן האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פּאַנאָראַמעס. כ'האָב ליב די נאַטור און פעלד אַרבעט. מ'קען אָבער ניט צוקוקן גלייכגילטיק, ווען עס דערמאָנט, אַז דאָס זענען דייטשישע פּויערים. ס'דערגערווירט אפילו וואָס די זון שיינט אַזוי העל און ליכטיק אויף דער פאַרשאָלטענער ערד. ס'פּלאָנטערן זיך געדאַנקען. אָט אַזוי העל האָט די זון געשיינט, די אַרבעט איז ביי זיי אָנגעגאַנגען און זיי האָבן מחנות'ווייז מיליאָנען אידן און אַנדערע פעלקער געטויט. ס'דערמאָנט ביאַליק'ס ווערטער פון דער „שחיטה־שטאָט":

דער גאָרטן האָט געבליט — די זון געלויכטן
און דער שוחט האָט געשוחטן...

די דערפער און שטעטלעך אין בייערן, וואו עס געפינט זיך דער לאַגער ראָזענהיים זעען אויס ווי אין לעגענדע. ריין, זויבער, זאָרגפעליק אַלעס איינגעאָרדנט. איבעראַל פּינקטלעכע דייטשישע אָרדענונג. אומעטום וואַקסן בלומען. אַ פעלק פון מאָרד און בלומען! אויף די וואָקזאַלן פול מענער. מענער איבעראַל און דאָס לעבן גייט אָן אין פולן טעמפּאָ.

עס זעען זיך ניט די סימנים פון קריג. ס'דערמאָנט מיך ווידער ביאַליק'ס ווערטער פון דער אויבנדערמאָנטער פּאָעמע:

און נאָך אַמאָל פאַר דיר אַ וועלט ווי נעכטן,
און אומפאַרשעמט גיסט אויס די זון, ווי תמיד,
פאַר יעדער שוועל, פאַר יעדער טיר, איר שפע ליכט
און וואַרפט אַרויס איר גאָלד פאַר די חזירים...

מיר קומען פארנאכט אויף דער סטאַנציע. ס'וואַרטן שוין צענד־ליקער לאסט וואַגנס אונז אַפּצופירן. דער דירעקטאָר פון „אונרראַ", אַן אַמעריקאַנער איד, מיט אַ וואַרעם אידיש האַרץ, האָט זאָרגפעליק אַלס צוגעגרייט. מיר קומען אין לאַגער, ס'אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז 3 שטאָקיקע סטאַנדאַרט בלאָקן אַרומגעצוימטע מיט אַ הויכן צעמענ־טענעם פּלויט און אריינגאַנגס טויער. ס'מערקט זיך, אַז די געביי־דעס זענען געוועזענע קאַזאַרמעס. ביים טויער שטייען פּליכטלינגען־פּאָליציי פון אוקראַינער, ליטווינער און יוגאָסלאַוון, פון די וועלכע זענען איצט אויך געבליבן אָן אַ היים. (זיי האָבן געהאָלפן אין צייט פון קריג דעם דייטש, האָבן גענומען דעם גרעסטן אַנטייל אין מאָרדן אידן און איצט האָבן זיי נים וואו צו פאָרן). מיר מאַכן אַדורך די פאָרמאַליטעטן און נעכטיקן צום ערשטן מאָל איבער אין די ערטער וואו פריער האָבן דייטשישע ס. ס. זעלנער זיך געאיבט און געשולט צו זייער רויב מאַרש.

אַן איראָניע פון גורל!

# די דייטשן האָבן ניט חרטה

אָנקומענדיק קיין דייטשלאַנד האָסטו מיט אַ ספּעציעלן נייגער זיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צום דייטשישן אַרט לעבן אַרום. מ'מוז זאָגן, אַז אַזוי ווי קיין פאָלק אָרדנט דער דייטש איין זיין פּלאַץ צום וואוינען, זיין דאָרף, שטעטל און שטאָט.

אַלעם איז דאָרט זאָרגפעליק איינגעאָרדנט. ניט פּראָוויזאָריש נאָר מיט אויסרעכענונג, פונדאַמענטאַל, אויף דורות. דער דאָרף זייערער איז ניט ענלעך צו אַ דאָרף נאָר ווי צו מאָדערן־איינגעריכטעטע שטעטלעך. איבעראַל בלומען, פּאַרקן, גרינס. אַלעם סימעטריש אויסגעמאָסטן, פּלאַנירט. דער סטיל פון זייער הייזער געבוי, איז אַזאַ אַלטער, איינגעשלאָסענער אין זיך, מיט טיפע גרויסע פאַרקאַנעס טויערן. אויפשריפטן אויף יעדן הויז: זייט געהיט פאַר בייזע הינט. דער סטיל פון זייער הייזער־געבוי און בכלל זייערע דערפער און שטעט דערמאָנען אַלטע שלעסער פון פריערדיקע יאָרהונדערטער, געבויט און צוגעגרייטע צום פירן קריג און פאַרטיידיקונג. די קאָמוניקאַציע און פאַרבינדונג פון איין פונקט מיטן צווייטן איז אַ פינקטלעכע און אָפענע.

גאַנץ בייערן וואו כ'בין געווען און וועלכע כ'האָב באַזוכט, האָט וויינציק געליטן פון קריג און כאָטש גרינס, בלומען און זויבערקייט באַגעגנסטו אומעטום, דאָך יאָגט עפּעס אַ מאָדנע קעלט פון זייערע פּלעצער אַרום. אַלעם איז ווי איינגעשלאָסן אין זיך און אָביעקטיוו אפילו צוקוקנדיק באַמערקסטו ווי די איינגעשלאָסנקייט צום זיך פון דורות לאַנג און אַנטהאַלט אין זיך קאַלטע, פאַרבאָרגענע סודות פּלענער פון פאַרגאַנגענהייט, געגנוואַרט און צוקונפט. פּלענער פון אַמאָליקע דייטשישע קרייץ מאַרשן, יונקערטום און וועלט הגמוניע.

באַגעגנסטו צום ערשטן מאָל דעם דייטש אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. ער איז שטייף אָנגעצויגן ביי זיך, דעם קאָפּ שטאָלץ אויפגעהויבן און איז מעכאַניש העפלעך. מ'מוז מודה זיין, אַז ער איז אָר־

בעטסזאם. באגעגנסט זיי אלעמען פון פרימאָרגן איילנדיק אויף זייערע ראָווערן שוין צו דער ארבעט. זיין ראָווער איז צוגעפאַסט אויך צום איבערפירן זיין באַגאַזש און קליינע קינדער. די אָנטועכץ זייערע אין בייערן, זענען נאַציאָנאַלע קאָסטיומען פון גרינעם שטאָף, מיט פארשיידענע אויסנייאכצן, באהאנגען מיט שמוק פון זילבער. זומער טראָגן די מענער קורצע לעדערנע ספאָרט הויזן, פארפעצטע און פארשמוצטע. מערסטנסטייל באגעגנסטו זיי מיט רוק־זעק אויף די פלייצעס. ס'מאכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען א וואַנ־דער פאָלק. און די באהאנגענע זילבער שמוק גיט זיי צו דעם אויסזען פון א ציוויליזירטן ווילדן שבט ערגעץ וואו אין אפריקע. זייער ריידן איז א טרוקענער, מעכאַניש העפלעכער. די ווערטער באַקומען זיך ביי זיי אָן וועלכער ס'איז אינטאָנאַציע און ווארעמקייט. ווען דו פרעגסט ביי זיי וואָס עס איז, ענטפערן זיי דיר העפלעך, אָבער בלייבן דערביי אין זייער פארגליווערטער טרוקענער פאזע. אַלעס, אַלעס קומט ביי זיי ארויס מעכאַניש העפלעך. קוקסט זיך צו און באַמערקסט, אז דו האָסט פאר זיך א מענטש אויטאָמאַט. זיינע זשעסטן, קערן זיך און ריידן קומט ארויס אזוי, ניט ווייל ער איז אזוי אין האַרצן. דאָס איז א ירושה פון דורות, אזוי האָט מען אים אויס־געלערנט, אָבער ניט אזוי פילט ער.

קוק זיך צו אין צוג ווען זיי פאָרן, ווי שטעכיק זיי זענען אין זייערע בליקן איינער צום צווייטן. אָט עסט ווער א בעסערע זאך און זיי שטעכן אים שוין אדורך מיט זייערע בייזע בליקן. אָט איז אריין זייערער א דייטש אין א וואַגאָן פון צוג, וואו ס'איז איבערפולט. ווי בייז ווערן זייערע אויגן. מ'מאכט זיי ענג. אָבער אויבערפלעכלעך בלייבן זיי רואיק און העפלעך...

קוק זיך צו, צו זייער'ס א קינד. פרואוו זיך שפילן מיט אים אביסל. לאַך צו אים, ער וועט אייך בשום אופן ניט ענטפערן מיט א לאַך, ווי אַלע אַנדערע קינדער פון אַנדערע פעלקער. האָסט פאר זיך א קליינעם נאָך ניט אויפגעגאַנגענעם פרוסאַק.

כ'האָב אָפט געפרואווט ריידן מיט דייטשן און דערמאָנען זיי זייערע אָפּגעטאָענע מעשים. הכנעה'דיק בויגט ער זיך און איז מודה אין די פארברעכנס וואָס זיין פאָלק איז באגאנגען. ער גיט אָבער צו, אז דאָס האָבן אָפּגעטאָן די נאַציס, די היטלער לייט. זיינע הענט

זענען רײן, ער האָט זאָגאר ניט געוואוסט װעגן דעם אַלעם. און איך גלויב װען מען זאָל מיט אַלע דײַטשן באַזונדער דעם זעלבן געשפּרעך פירן, װאָלטן זײ אַלע זיך רײן געװאַשן און װאָלסט גאָר קײן שולדי־קע ניט געפונען...

אײַנגעאָרדנט זענען זײ אויף לאַנגע דורות נאָך. קומסט אַרײַן צו אַ דײַטש אין הויז װערסטו פאַרגאַפט פון לוקסוס. פײַנע גערוימע צימערן, פײַנע מעבל, פּיאַנאָס, טעפּיכער, אַנטיקן, גאַנצע שאַפּעס מיט זאַפּאַסן אויף דורות. זײער פיל שמוק, דאָס אַנגעראַבירטע פון גאַנץ אײראָפּע װעט קלעקן אויף פילע יאָרן. און אַז עס דריקט צו אַביסל די נויט, טראָגט מען אַרויס צום פאַרקויפן אַ װערטפול זאַך. כ'האָב ניט אײנמאָל געקלערט זעענדיק זײ אַרומטראָגן צו פאַרקויפן אָט די גאָלד און פּלאַטין שמוק: װער װײס צו װעלכן אידן דאָס האָט געהערט. אָבער די שפּורן זענען אָפּגעװישט. יענער קדוש איז שוין צעפוילט און דער דײַטש האָט ניט װאָס צו שרעקן זיך.

און װי גוט זײ זענען אײַנגעאָרדנט, אַזוי האַלטן זײ זיך אין אײן באַקלאָגן, אַז דער לעבן גײט זײ איצט צו שװער. כ'בין אַרײַן אין אַ דײַטשיש געשעפט. אַ דײַטשישע פרוי אין די מיטעלע יאָרן, גוט גע־קלײדעט האָט זיך געהאַלטן אין אײן באַקלאָגן אויף די „שװערע" באַדינגונגען אין װעלכע זײ לעבן. זי האָט זיך צו מיך געװענדעט מיט אירע טענות „נעבעך", ניט פילנדיק, אַז כ'בין אַ איד.

כ'האָב ניט אויסגעהאַלטן און געזאָגט איר: מ'זעט עס לגמרי ניט. איר זײט גוט געקלײדעט, װאױנט אין פּרעכטיק אײַנגעאָרדנטע װאױנונגען, האָט אײַערע פאַמיליע'ס לעבן זיך, קום אין לאַגער, װאו ס'װאױנען די פּליכטלינגען, װעט איר זען די פּראָדוקטן פון אײַערע פינסטערע מעשים. זי האָט הכנעה'דיק צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ און מסכים געװען אויף אַלעס... אַזױנע זענען זײ די דײַטשן, נױגט זיך הכנעה'דיק, איז מסכים, װען ער זעט, אַז ער האָט קײן אַנדער אויס־װעג ניט, אָבער אין האַרצן שפּינט ער װײַטער זײַנע פינסטערע געדאַנ־קען. מיט עקל בין איך פון געשעפט אַרויסגעלאָפן.

די ערשטע צײַט פון אונזער אָנקום נאָך דײַטשלאַנד, האָט מען געקענט באַמערקן, װי דײַטשן באַגעגענדיק אַ אידן, האָבן זיך גע־

נויגט פאר אים. זיי האָבן מורא געהאט און געדיינקט, אז די אידן וועלן זיך מיט זיי אָפּרעכענען פאר זייערע מעשים. עס איז פאָריבער אַ קליין שטיקל צייט און דערפילנדיק, אז קיינער מאָנט פון זיי קיין חשבון, פילנדיק ווי מען הויבט זיך אָן צו פארנעמען מיטן דייטשישן פּראָבלעם, האָבן זיי גיך דעם קאָפּ געהויבן.

ס'האָט ניט גענומען לאנג און זיי האָבן אָנגעהויבן צו ריידן וועגן די „עוולות" וואָס ווערן באגאנגען קעגן דייטשלאנד: קיין עסן גענוג, קיין גוטע לעבנס באַדינגונגען און נאָך פיל פאָדערונגען האָבן זיי געלאָזט הערן. זייערע פרויען האָבן זיך אָנגעהויבן חבר'ן מיט די זעלנער און אָפיצערן פון דער אָקופּאציע ארמיי און זייער איינפלוס האָט זיך געלאָזט מערקן. און ווער וויים צו די דייטשישע פרויען האָבן ניט אויסגעפירט קיין געהיימע שליחות פון די אונטער־ערדישע נאַצי קעמערלעך, וועלכע מוזן זיך נאָך געפינען אין דייטש־לאנד גאנץ פארצווייגט.

כ'האָב געקוקט אויף דעם פאָלק, וועלכער האָט פארוּרזאכט דער וועלט אַזוי פיל ליידן, פּיין און קרבנות. כ'האָב ניט געפונען קיין סימן פון חרטה, קיין סימן פון בושה. שטאָלץ פארהויבן דעם קאָפּ, האָפט דער דייטש אויף בעסערע צייטן...

דער דייטש האָט שנעל דערפילט, אז קיין גרויסן חשבון מאָנט מען ניט ביי אים פאר דאָס אָפּגעטאָענע — האָט ער שנעל דעם קאָפּ געהויבן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן איבערפאלן אויף אידן ערגעץ וואו אין א ווינקל. אין מינכען זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן נאציש־אַנטי־סעמיטישע אויפרופן. אין מינכען האָט א דייטשישע פרוי געמאכט א בלבול אויף א רב און מען האָט אים געפּרואווט רייסן די באָרד.

עפנטלעך האָבן זיי אָנגעהויבן צו ריידן, אז די אידן עסן זיי אָפּ און צוליב די אידן אין די לאגערן הונגערן זיי.

ווען דו ביזט אָבער אריינגעפאָרן אין מינכען — אין דער שטאָט, וואו עס איז געשלאָסן געוואָרן דער טרויעריק בארימטער מינכענער פאקט, דער פארשווערונגס פאקט קעגן דער מענטשהייט, האָסטו גע־זען גאנצע גאסן פארנומענע דורך אידישע אינסטיטוציעס, אָנפירנדע

אינסטאַנצן ווי: צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע אידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, „דזשאָינט“, אידישע אגענטור, „אָרט“ ועד הצלה, היסטאָרישע קאָמיסיע און נאָך פיל אַנד., ס'האָט געפרייט די האַרץ און האָסט געקלערט: גו'אדע אין דער שטאָט, וועלכע איז די ערשטע געוואָרן אידן ריין, האָבן זיך צעבליט די אידישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט די הונדערטער טויזנטער אידן אין די לאַגערן. אַן איראָניע פון גורל!

# די לאַגערן פון דער שארית הפליטה אין בייערן

אין דער אמעריקאַנער זאָנע האָבן זיך באַזעצט אין די לאַגערן ביז 200.000 איד. פּליטים. די פּליטים האָבן געהערט צו 4 קאַטעגאָריעס לעבן געבליבענע. די ערשטע קאַטעגאָריע, געראַטעוועט זיך אין ראטן פאַרבאַנד. די צווייטע, וועלכע איז געווען אין דער סאָוועטישער אַרמיי. די דריטע, פּאַרטיזאַנער, און די פערטע, וועלכע האָבן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן, אָדער געבליבן לעבן צופעליק אין די טויט לאַגערן וועמען ס'האָט באַפרייט דער פּלוצלינגדיקער אָנקום פון די אַליאירטע אַרמייען. אין גרעסטן פּראָצענט האָבן די אידן געלעבט אין די לאַגערן. א קליינער טייל נאָר האָט געוואוינט אין די דייטשישע שטעט, וואו ס'האָט געהערשט א גרויסע צוזאַמענקלען דירות פאַר די באַפרייטע אידן פון די קאַצעטן. די לאַגערן זענען געווען אין געוועזענע מיליטער קאַזאַרמען פון דער דייטשישער אַרמיי און אין געוועזענע באַראַקן וואו די דייטשן האָבן פריער געהאַט זייערע צוואַנגס אַרבעטס לאַגערן. מיט דער באַקליידונג־באַשפייזונג און אַלע איבעריקע פּראָבלעמען פון די פּליטים האָט זיך פאַרנומען די „אונרראַ".

די „אונרראַ" איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע הילפס אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן פון א ריי מלוכות, צו איבערנעמען די זאָרג פאַר די פּליטים, אויסגעוואָרצלטע אין צייט פון קריג פון זייערע היימען. די „אונרראַ" איז געווען א שטיקל ענטפער פון די פעלקער וועמענס געוויסן ס'האָט געפּייניקט, פאַר דער בלוט שפּיל צו וועלכער מען האָט דערלאָזן, אויפהאַדעווענדיק אַזא גיפטיקן שלאַנג ווי דער נאַציזם, צו וועמענס אויפוואוקס מען האָט זיך רואיק צוגעקוקט מיט פאַרלייגטע הענט.

דורך דער „אונרראַ" איז אויך געגאַנגען די הילפס אַרבעט פון „דזשאָינט" און אידישע אַגענטור, וועמענס טעטיקייט האָט זיך געלאָזט פילן אין טאָג־טעגלעכער אַרבעט אין לעבן פון די אידן אין די לאַגערן.

ס'פלעגן טרעפן פאַלן, ווען די באַאמטע געשיקטע פון „דזשאָינט" און אידישער אַגענטור, האָבן זיך גערעכנט אין דער אַר־בעט ווי אַדמיניסטראַטאָרן און האָבן פאַרגעסן, אַז זיי האָבן צו טאָן אין די לאַגערן מיט דעם רעשט געבליבענעם אידנטום פון פּוילן און ליטע, וועלכע האָבן גע'שמ'ט אמאָל פאַרן פערל פון וועלט אידנטום. און אַדורכגייענדיק אַזוי פיל פּיין און ליידן, האָבן זיי נאָך פאַרמערט און פאַרשענערט זייערע גייסטיקע ווערטן און אויסגע־ברייטערט זייער קוק אויפן לעבן. ס'פלעגט קומען צו שטרייטן מיט די באַאמטע. מ'פלעגט זיי אָדער צופאַסן צו זייערע אויפגאַבן און אויב דאָס איז געווען אוממעגלעך, האָבן זיי פאַרלאָזן זייערע פּלעצער.

כ'וואָלט געוואָלט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די לאַגערן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ לאַגער נאָר פון אויסערלעכן אויסזען. ווען דו קומסט אַריין אינעווייניק, דערקענסט די מענטשן, זייער לעבן און גע־זעלשאַפטלעכע אַרבעט וועלכע זיי פירן, באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי דו וואָלסט פאַר זיך געהאַט אַן אַמאָליקע קליין אָדער גרעסער פּויליש־שטעטל מיט איר קאָמפּאַקטן אידישן ישוב. צו ערשט דער איינדרוק פון די אידן זעלבסט. אַמאָליקע פּוילישע און ליטווישע אידן מיט זייער זאַפטיקן אידיש, מיט זייערע אַלטע שיינע טראַדי־ציעס, מיט ליבע איינער צום אַנדערן.

די אַדורכגעמאַכטע ליידן האָט זיי פאַרשענערט, דערנענטערט איינער צום אַנדערן; געמאַכט אַן איבערברוך אין אַרט דיינקען, ביי דעם גרעסטן טייל איינגעפלאַנצט ליבע צו אַרבעט. אַלס ביישפּיל קען דינען דער פאַקט, וואָס אין די לאַגערן פלעגן הונדערטער אידן באַלאַגערן טעגלעך די אַרבעטס אַמטן, צו בעטן אַרבעט. לויידער פלעגט זיך נאָר געפינען אַרבעט פאַר אַ 20-25 פּראָצענט פון די לאַגער איינוואוינער.

פּרוביר אַריינגיין אין לאַגער און גיי זיך אַדורך פון צימער צו צי־מער. זע! דער ערשטער איינדרוק איז אָרעמקייט, אָרעמקייט אָן אַ שיעור. ניטאָ קיין גערוימע וואוינונגען, קיין געהעריקע מעבל, קיין געהעריקע קליידונג און נאָך פילע מינימאַלע זאַכן, וועלכע דער מענטש באַדאַרף צו האָבן. אָבער קוק זיך צו נאָענטער צום אָרעמען ווינקעלע, — צום לעבן פון די מענטשן, זע וויפל וואַרעמקייט גע־פינט זיך ביי זיי, וויפל אידישקייט, וויפל שטאָלץ און עקשנות'דיקער ווילן צו פאַרלייגן אַן אָרעמען ווינקעלע, אויף דער פאַרשאָל־

טענער דייטשישער ערד, א היים, א צייטווייליקע היים מיט אידישן געשמאַק און אידישן גייסט.

גיי ווייטער און וועסט זען, אז כאָטש דער מאנגל אין דירות איז גרויס, דאָך שניידט מען אויס א ווינקל פאר א לייען זאַל, פאר א ביבליאָטעק, פאר א קינדער גאָרטן, פאר א טעאַטער אפילו. פרעגסט פון וואנען האָבן זיך גענומען דאָ ביבליאָטעקן מיט ביכער פון אונזע־רע קלאַסיקער, היסטאָריקער און פון איבערזעצונגען פון אַנדערע קלאַסישע ווערק פון אַנדערע פעלקער? פון וואנען איז אויסגעוואַקסן א זאַל פאר א טעאטער דעקאָרירט מיט טעפּיכער און בילדער?

און אַט איז די שול פון לאגער, א שול מיט פילע צימערן, מיט טאָוולען, מיט שול בענק. אָנגעפּאקטע מיט אידישע יאָסעלעך, משה'־לעך, רבקה'לעך און רחל'עך. אַט איז דער פעדאגאָגישער צימער פאר די לערער, לערער פון אמאָליקע אידישע שולן אין פוילן און ליטע און נייע „פריש אויסגעבאקענע", וועלכע האָבן צוליב מאנגל אין קוואַליפיצירטע כוחות זיך געשטעלט צו דער ארבעט.

גיי ווייטער און זע, אַט זענען פארשפרייט קיבוצים פון יוגנט־לעכע ציוניסטישע גרופּן, וועלכע זענען זיך מכשיר צו פאָרן קיין ארץ ישראל. גיי אַריין צו זיי, און אידישער גייסט, אן אמונה, אן אידייע, א צוקונפט פאר זיך. אין אָוונט ציען זיך די אידישע מע־לאָדיעס, חלוצישע הויראס, געזאנגען פון איין עק לאגער צום צווייטן.

און דו ווערסט ביי זיך האָפערדיקער. דו קלערסט און זעסט אויפן וואָר!

**ע ם   י ש ר א ל   ח י !**

גיי ווייטער איבערן לאגער און זע: אַט זענען צימערלעך ענגערע און געררוימערע, וואו עס וואוינען אידישע פאמיליעס גרעסערע, אנ־דערע קלענערע אין צאָל נפשות. מענטשן, וואָס וואָלטן געקענט דערציילן פיל, פיל. יעדערער האָט א באזונדערע ארט איבערלעבונג, וועלכע וואָלטן געקענט דינען ווי וואונדער מעשיות, אָדער פאנטאַס־טישע דערציילונגען, מיט וועלכע שרייבער פלעגן אָפּט שפּייזן דער מענטשלעכער פאנטאזיע, אָבער קוק זיך צו: אט זענען אַזעלכע מענטשן פאר דיר אויף אַן אמת. אויסערלעך זענען זיי גע־בליבן רואיק. זיי קלאמערן זיך מיט די אַלע קרעפטן פון זייער לעבן צו זיין אידן און אָנהאלטן דעם נערוו פון לעבן. און דו פרעגסט: וואו

איז דער קוואַל פון וואַנען ס'האָבן געשעפּט די אַלע מענטשן זייער בטחון און איצט זייער עקשנות צו ציען ווייטער די קייט פון דורות אום צו קענען זאָגן: עוד לא נתקה השלשלת?... איז זיי וויסן: דאָס זענען די קוואַלן פון אידישקייט, אידישע היסטאָריע, אידישע שפּראַך, אידישע טראַדיציע, ליטעראַטור און ביי אַ סך — די אידישע רעליגיע. בילדער פון פאַרגאַנגענהייט און נעכטן, וועלכע האָבן דערמאָנט דעם אידישן לעבן פון טאַטן און זיידן, איינגעוואָרצלט ביי אַט אָ־די לעבן געבליבענע אידן. זיי האָבן געשעפּט פון אַ גייסטיקן קוואַל, וועלכער איז ניט אויסגעטריקנט געוואָרן פאַר 2.000 יאָר גלות. דאָס האָט זיי געגעבן בטחון און אמונה! און בלייבנדיק ביים לעבן, האָבן זיי אפילו אין גרויען טאָג־טעגלעכן לעבן פון לאַגער, אָנגעהויבן ווייטער שפּינען דעם פאָדים פון אידישן גייסט, שפּראַך, טראַדיציע און האָבן ניט אויפגעגעבן די שטרעבונג צו אַ בעסערן און שענערן לעבן.

און זע! אין פיל אַמעריקאַנער לענדער איז אפילו נאָך היינט, — נאָך די מורא'דיקע איבערלעבונגען, — אַ טייל יוגנט נאָענט צו די וועגן פון אַסימילאַציע, קענען ניט די אידישע שפּראַך, אידישע היסטאָריע און זיין גאַנצע אידישקייט באַשטייט נאָר אין מאַכן אים אַ רייכע פייערונג צו זיין בר־מצוה. קלערסט: האָבן מיר נאָך אַלץ ניט געלערנט פון דער האַרבער ווירקלעכקייט? און וואָס פאַרא ווידערשטאַנד'ס פייאיקייט פאַרמאָגט אַזאַ יוגנט? און אויף וויפל איז זי פאַרבונדן נאַציאָנאַל מיטן אידישן פאָלק?

מ'קען ניט פאַרלייקענען: געווען שאָטן זייטן אויך אין לעבן פון די לאַגערן. מחלוקת'ן, שפּעקולאַציע, מאָראַלישע שוואַכע זייטן, אָבער ווער קען רעדן וועגן דעם אין אָנבליק פון דער לאַגע פון די אידן אין די לאַגערן, וואו זיי זענען געווען אויסגעשטעלט אויף די טעגלעכע ראַציאָנען פון דער „אונרראַ".

כ'האָב איינמאָל באַגעגנט אַ עלטערן אידן אין לאַגער האַנדלענדיק מיט אַלעם מעגלעכן. וואָס פאַרקויפסט איר זיידעניו? האָב איך אים געפרעגט. אַלץ צו ביסלעך. און ער האָט צוגעגעבן: כ'בין פון פאַך אַ גוטער שלאָסער, אָבער וואו זאָל איך פאַרקויפן מיינע הענט?

אין די פליטים לאגערן פון דייטשלאנד פלעגט געפירט ווערן א פארצווייגטע קולטורעלע ארבעט. עס פלעגן דערשיינען פיל טעגלעכע וועכנטלעכע און חודש זשורנאלן. מען קען מיט שטאָלץ זאָגן, אז אין די לאגערן פלעגט דערשיינען פיל מער אידישע ליטע־ראטור ווי אין רייכן אידישן ישוב אין די פאראייניקטע שטאטן. אין יעדן לאגער איז געווען טעטיק א דראם קרייז, כאָר. ס'פלעגן גע־געבן ווערן אָפטע ארויסטרעטונגען. אין מינכען האָט עקזיסטירט א צענטראלער דראם. טעאטער און רעפרעזענטאנץ אָרקעסטער. עס האָבן עקזיסטירט ספאָרט קלובן און ספאָרט דרוזשינעס.

דער „אָרט" האָט געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט, אָרגאני־זירנדיק אין פיל לאגערן פארשיידענע פאך שולן, אויסבילדונג'ס און דערגענצונגס קורסן. טויזנטער קינדער און עלטערע האָבן געלערנט מלאכה, אָדער דערגענצט זייערע קוואליפיקאציעס.

מיט די ארבעטן אין די לאגערן פלעגן אָנפירן אָרטיקע קאָמי־טעטן, געוויילטע אויף דעמאָקראטישע פרינציפן פון אלע איינוואוי־נער פון לאגער. דער לאגער קאָמיטעט האָט געהאט באזונדערע רע־סאָרטן פון ארבעט ווי: באשפייזונג'ס רעסאָרט, באקליידונג'ס, וואוי־נונג'ס, קולטור, פראָדוקטיוויזאציע און אנדערע.

למען האמת מוז מען זאָגן, אז די „קאָמיטעטשיקעס" האָבן גע־האט נים אזא גוטן שם. אביסל, צוליב מאקע אָפטע „מעות'ן" וואָס זיי פלעגן מאכן מיט פראָדוקטן און קליידונג און אביסל וואָס די לאגער איינוואוינער האָבן געהאט צו פיל פרייע צייט זיך צו פארנע־מען מיט די פראָבלעמען.

בראש פון די לאגער קאָמיטעטן איז געשטאנען דער צענטראל קאָמיטעט פון די אידן אין דער אמעריקאנער זאָנע, וועמעס זיץ אָרט איז געווען מינכען.

איך האָב זיך געפונען בעת מיין זיין אין דייטשלאנד אין א קינדער לאגער. אין דעם לאגער האָבן זיך געפונען ביז 1.200 אידישע קינדער, פון פארשיידענע ציוניסטישע גרופירונגען, אָנהויבנדיק פון דער פרומער „אגודה", „מזרחי" ביז דעם „השומר הצעיר" און

„דרור“, דאָך איז געפונען געוואָרן די געמיינזאמע שפּראַך פון זיך צוזאמענרעדן און אויך צוזאמענארבעטן. דער לאַגער איז געווען אַ מוסטער פון אָרדענונג, דיסציפּלין און אָרנטלעכקייט פאַר דער גאַנ־צער אמעריקאַנער זאָנע. מיט דעם לאַגער האָט פאַרוואַלטעט אַ אַמע־ריקאַנער איד. פרוי, וועלכע ניט קענענדיק קיין אידיש אפילו, האָט זי באַוויזן אין צייט פון איר ארבעט, אזוי זיך צוזאמענלעבן מיט די אידן, פאַרשטיין זייער לעבן, פּראָבלעמען און נויטן און זי האָט זיך אזוי באַליבט געמאַכט דאָרטן, אז מען האָט איר גערופן די מאַמע פון לאַגער און שפּעטער אַ נאָמען געגעבן דעם לאַגער אויף איר נאָמען. אין די צימערן פון לאַגער האָבן זיך אויסגעשפּרייט די קינ־דער קיבוצים, קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער און יעדער מיט באַ־זונדערע איבערלעבונגען. ווער אַ יתום, ווער אַ האַלבער יתום. ווער געווען אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן, ווער שוין באַוויזן צו זיין אַ פּאַרטיזאַן אין וואַלד, ווער געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי מען האָט טאַטן און מאַמען פאַרברענט. ס'איז געווען אַ באַזונדער שווערע, פּסי־כאָלאָגישער פּראָבלעם מיט די קינדער צו ארבעטן. די אַגענטור האָט דעלעגירט צו הילף אַ פרוי, אַ דר. פּסיכיאַטאָר. די קינדער האָבן באַקו־מען אַ חלוצישע צוגרייטונג און דערציאונג צו פאָרן נאָך ארץ יש־ראל. די מזכירים זייערע, יונגע מיידלעך און בחורים, מיט די זעלבע איבערלעבונגען ווי די קינדער, אָפט אַליין נאָך קינדער, לויט זייערע יאָרן, האָבן זיך געוואָרפן פאַרנעמען מיט דער דערציאונג פון די קינ־דער, און ווערן זייערע טאַטעס און מאַמעס. די עלטערע קינדער פלעגן באַזוכן די „אָרט“ שולן און די קלענערע די אַלגעמיינע ביל־דונגס שולן.

דעם לאַגער פלעגן אָפט באַזוכן אַמעריקאַנער אידן און אָפי־צערן פון דער אָקופּאַציע ארמיי. די אַמעריקאַנער, ווי זייער טבע, פלעגן מיט זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן „פיקטשערן“ די קינ־דער פון אַלע זייטן. אַ גרויסע צאָל קינדער זענען פון דעם לאַגער געפאָרן מיט דער שיף „יציאה“ אויפן אומלעגאַלן וועג קיין ישראל.

נאָכן אוועקפאָר פון דער דירעקטאָרין פון לאַגער האָט זי גע־וואָלט, כ'זאָל איבערנעמען איר ארבעט, איך האָב איר ניט אָנטזאָגט. כ'האָב דאָ פאַרבראַכט ניט קיין פולן יאָר און געווען צופרידן צו איבערגעבן זיך פאַר אַן ארבעט, וואו כ'האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט

צו טאָן עטוואָס פאַר מיינע ברידער און שוועסטער. מיך האָט געוואָרעמט די ארבעט און די אָפּשאַצונג וועלכע כ'האָב באַקומען פון די לאַגער אידן. כ'קען זאָגן, אַז גראַד אין לאַגער (ווי קאָמיש ס'וועט אפשר ווען אויסווייזן), האָב איך פאַרבראַכט אינטערעסאַנטע אַנגענעמע גוטע חדשים אין אַ וואַרעמער סביבה, וואו מען האָט זיך געקענט אויסלעבן אידישלעך נאַציאָנאַל און ארבעטן פאַרן אידעאַל פון אַן אידיישער היים אין ארץ ישראל.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז אַ דאַנק די אידן אין די לאַגערן, איז אַזוי שאַרף לעצטנס באַהאַנדלט געוואָרן דער פּראָבלעם פון לייזן די ארץ ישראל פראגע, וועלכע האָט געקראָגן איר פּאָזיטיווע לייזונג.

אויפן געזעגענונגס אָוונט פון לאַגער צו מיין אָפּפאָר, האָבן מיך די אידן וואַרעם און האַרציק געזעגנט. און כאָטש כ'בין איצט ווייט, ווייט פון דאָרטן, זע איך דעם לאַגער פאַר די אויגן און ס'בייגקט זיך נאָך יענע מענטשן.

# דער כוח פון די לאַגער - אידן

איבער 200 טויזנט אידן האָבן זיך באַזעצט אין די לאַגערן פון דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע אין דייטשלאַנד.

געקומען זענען די אידן פון פאַרשיידענע לענדער, געוואַנדערט איבער גרענעצן און זאַנעס. ס'איז געווען ווי אַ מין יציאת מצרים: אַל־טע און אינגערע, בחורים און מיידלעך, ווער מיט קינדער פאַרן האַנט און אויפן האַנט געטראָגן, פיל נאָך ערשט געבאָרן; מיט רוקן־זעק אויף די פּלייצעס און שווערע שטיוול אָדער וועג־שיך אויף די פיס. ביי די גרענעצן האָט געווירבלט פון שטראָמנדע אידן.

די הגנה, די אַזוי גערופענע „בריחה", האָט אָנגעפירט מיט דער יציאת אייראָפּע.

דער זעלנער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער גרענעץ, איז גע־ווען אָנמעכטיק, דער חבר פון דער „בריחה" האָט דאָ געהערשט. ער גיט אַ קאָמאַנדע, דער שלאַבאַן הויבט זיך אויף און די אידן גייען אַריבער. מ'לאָדט זיך אין עשאַלאָנען, באַזונדערע וואַגאָנען פאַר יע־דער גרופּע. אינפאָרמאַציעס קורצע, באַפעלן, מ'צעטיילט פּראָדוקטן אויפן וועג, פאַר די קינדער קאָלדרעס צום איינוויקלען אויף בייננאַכט, אַ צוגאָב שאָקאָלאַד און עפּל.

דער עשאַלאָן רירט פון אָרט. ס'קומט אוים פאַרשיידן: אַמאָל מעג מען אָנצינדן ליכט, פירן געשפּרעכן און אַמאָל מוז זיין פול־שטענדיק שטיל.

טאָמער פרעגט מען פון וואַנען מען פאָרט, דאַרף מען ענטפערן פאַרשידן, אַמאָל זענען מיר פּליטים פון גריכנלאַנד, פון טערקיי, אַמאָל פון אַנדערע לענדער.

וואוהין שטראָמען די מענטשן? דאָס זענען קאַדרען פאַרן ארץ ישראל'דיקן ישוב.

די וואַנדערער האָבן געקענט בלייבן ווער אין פּוילן, ווער אין רו־

מעניע, ווער אין אן אנדער לאנד. זיי וואנדערן אבער ארוים קיין ישראל.

איירָאפּע איז דורכגעזאפּט מיט אידיש בלוט; קול דמי אחיך צו־עקים אלי מן האדמה. דער געשריי גייט אויף, שפּאלט די הימלען, וויל נים איינשטילן!

די אידן וואנדערן אוים!

ס׳קומען פּאר געהיימע פּלאנירטע אויסוואנדערונגען, ס׳קאנ־צענטרירן זיך די כוחות אויף צו שטורעמען די ברעגן פון א״י. ענג־לאנד פילט, וואס עס קומט פאר, זעט אין די שטראמנדע עשאלאנען א כוח, וואס גיים שטורעמען די ברעגן פון ארץ ישראל. ענגלאנד בעט הילף ביי די לענדער פון איירָאפּע, פון וואנען עס גיים דער אוים־וואנדערונגס שטראם, צו העלפן איר קעמפן קעגן דעם כוח. אבער די ענגלישע אימפּעריע איז אנמעכטיק. די הגנה גרייפט אן, די עשאלא־נען לויפן, יאגן.

מחנות אידן וואנדערן, ס׳גייט אויף אן אומבאזיגבארער כוח!

ער קאנצענטרירט זיך אין איין פּונקט, אין די לאגערן אין בייע־רן. דא איז די באזע פאר אנגריף אויף די ארץ ישראל׳דיקע ברעגן.

צענדליקער לאגערן מיט הונדערטער טויזנטער אידן, מיט זיי די געשטאלטן פון זעקס מיליאן קדושים. של נעליך מעל רגליך, כי המ־קום אשר אתה עומד קדוש הוא. הייליקע פלעצער זענען די לאגערן. דאס זענען איבערגעבליבענע פון געטא און קאצעט, פּארטיזאנער און פראנט־קעמפער.

ווער איז עס דער קורצזיכטיקער, וואס האט נאר אויפגעכאפּט די „שלעכטע" זייטן פון לאגער־לעבן, ווי ספּעקולאציע, מחלוקת׳ן וכדומה? אט זעמט פאר זיך פיל קינדער פון א ציוניסטישן קינדער־לאגער, זע! זיי זענען דאך גאר קיין קינדער נים שוין! זע זייערע אויגן, זייערע בליקן, זייער אויפנעמען און אויפפאסן זאכן! דאס זע־נען דאך באוואפנטע חלוצים, וועלכע וועלן אדורכגיין פארביי דער מחנה!

ווער זענען עם די יוגנטלעכע אָרגאַניזירטע אין די חלוצישע קי־
בוצים?

דאָס זענען דאָך די קאַדרען פאַר דער אויפגייענדיקער
מדינת ישראל.

אָט זענען טאַטעס און מאַמעס, קוק ווי אויסגעשעפּט זיי זענען,
אָבער ניט צוזאַמענגעבראָכן. זיי האָבן דאָך יעדערער אַ העלפט אָדער
אינגאַנצן די משפּחה פאַרלאָרן! קברים איבער גאַנץ אייראָפּע פאַר־
זייט. זיי דערציילן אָבער גאָרניט וועגן דעם, מ'רעדט ניט, מ'שטייט
אין קאַמף פאַר דער צוקונפט!

דאָס איז ניט אַ קאַמף פאַר דערהאַלטן דאָס לעבן פון אויסגע־
וואַרצלטע מענטשן, דאָס איז די הילף פאַרן קאַמף פון אַן
אידישער מלוכה!

וואָרום פון די לאַגערן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, פון אי־
טאַליע און ציפּערן האָבן געשטראָמט צענדליקער טויזנטער מעפּי־
לים צו די ברעגן פון ארץ ישראל.

די ים'ען שטורעמען, טראָגן שיפן, קריגס־שיפן מיט מעפּילים, די
שיפן זענען געפּאַנצערט מיט אידעאַל און עקשנות צו דערגרייכן די
ברעגעס פון ארץ ישראל און זיי האָבן דערגרייכט און זיי
האָבן געזיגט!

# אין דייטשלאַנד טאָר ניט בלייבן קיין איין איד!

אין דייטשלאַנד שענדעט מען אידישע בית־עולמ׳ס!

אין דייטשלאַנד הויבן די אַנטיסעמיטישע געוועזענע און פאַר־בּאָרגענע נאַציס, — די קעפּ און פרײדיקן אָפן נאַצישע לאָזונגען. דייטשישע אָנפירנדע פערזענלעכקייטן וואָגן שוין איצט צו דערקלערן, אַז היטלערס אויסראָטונגס פּראָגראַם, בנוגע אידן, איז געווען באַרעכ־טיקט. שווידערט עם אויף דער אידישער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין גאָר דער וועלט.

וואו איז דער אויסוועג צו דער דערשיינונג?

און איך וויל קודם כל זאָגן: מיך הויבן ניט אָן צו אַרן די דייטשישע שאַנד טאַטן פאַר דער לעצטער צייט. ווייל וואָס אומ־שטיינס געזאָגט קענען זיי אונז מער טאָן, ווי זיי האָבן שוין אונז אָפּ־געטאָן? אָדער בעסער געזאָגט, מיט וואָס קענען זיי זיך שוין מער באַ־פלעקן, ווי זיי האָבן זיך שוין באַפלעקט? וואָלט איך געגלויבט, אַז מיט דעם, וואָס די דייטשן זענען באַזיגט געוואָרן, איז אויך באַזיגט געוואָרן זייער היה׳שער ווילדער אינסטינקט און ווילדע מאָראַל פון מאָרדן, רויבן און שטעלן זייער ראַסע העכער איבער אַלעמען, וואָלטן מיך אויפגעשווידערט זייערע לעצטע וואַנדאַלישע אַקטן פון צוריק שענדן אונזערע בית־עולמ׳ס.

אָבער לאָמיר קלאָר מאַכן נאָך אַמאָל פאַר זיך אַ בילד: אַ פאָלק האָט גערויבט און געמאָרדעט יאָר נאָך יאָר; טאָג איין, טאָג אויס, נאַכט איין, נאַכט אויס — מיליאָנען; קוימענס האָבן גערויכערט ניט אין די וויסטענישן פון סאַהאַראַ, צו ערגעץ וואו אין טאיגע, נאָר אין האַרץ פון דייטשע באַזעסענע שטעט, וואו אין די פאַבריקן פון טויט און גאַז פאַרניכטונג, האָט מען געברענט קינדער, פרויען, אַל־טע לייט, פּראָפּעסאָרן מיט באַזילבערטע האָר אויפן קאָפּ און קינסט־לער פון וואָרט, פון מוזיק און שריפט. דאָס איז געטאָן געוואָרן פאַר די אויגן פון גאַנצן דייטשישן פאָלק. דער דייטשישער פאָלק האָט זיך

אנגעטאָן אין די באַרויבטע זאַכן פון די פאַרברענטע קרבנות אין די גאַז קאַמערן, דער דייטשישער פאָלק האָט זיך אומפאַרשעמט באַנוצט מיט מיליאָנען שקלאַפן געבראַכט פון די אָקופּירטע לענדער. דער דייטשישער פאָלק האָט געוואוסט וועגן אַלעס וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט אָפּגעטאָן דורך די נאַצים און זיי האָבן געשוויגן.

איז וואָס איז דער געשריי, וואָס איז די פאַרוואונדערונג, ווען זיי שענדן איצט אַ בית־עולם?

אַמאָל האָט אַ פּאָגראָם אויף אידן געדויערט אַ קורצע צייט, אַ טאָג, צוויי טעג, דערנאָך האָט די רעגירונג זיך באַמיט צו פאַרווישן די שפּורן פון די וואַנדאַלישע אַקטן. דייטשלאַנד האָט 8 יאָר גערויבט און געמאָרדעט טאָג איין, טאָג אויס, נאַכט איין, נאַכט אויס און האָט עס באַגרינדעט מיט אַ לערע פון אירע טעאָרעטיקער און „קולטור" און „וויסנשאַפט" טרעגער. איז וואָס איז דער געשריי, ווען זיי שענדן איצט אַ בית־עולם?

אין שפּאַניע האָט מען אַמאָל געברענט אויף ־שייטער הויפנס אידן, צווינגענדיק זיי צום שמד. מען האָט זיי געגעבן אַ ברירה צום לעבן, — שמד'ן זיך. און דאַך ווען די אידן האָבן פאַרלאָזט שפּאַניע האָט דאָן יצחק אבארבאנעל, פירנדיק די אידן פון דאָרטן, זיך אויס־געדרייט צו דער אינקוויזיציע לאַנד און געזאָגט: איך פאַרשעלט דאָס לאַנד און זאָל קיין פוס פון קיין אידן דיך מער ניט באַטרעטן!

היטלערס נאַצי דייטשלאַנד האָט קיין ברירה צו אידן ניט גע־געבן, צוגערויבט דאָס געלט, געשענדעט אונזערע טעכטער און פרוי־ען, מוטערס און קינדער, אויסגענוצט זייערע פיזישע כוחות און דער־נאָך געשיקט זיי אין די קאַלך אויוונס. פאַרשאָלטענע דייטשלאַנד! דאָס אידישע געלט איז געווען גוט, אידישע ליבע האָט מען געמעגט שעפּן, געניסן פון אידישע אַרבעט האָט מען געמעגט, אָבער דעם טויט האָט מען זיי צום סוף געגעבן. איז פאַרוואָס זאָלן אידן ניט אַרויס פון דייטשלאַנד? וואו איז דער היינטיקער דאָן יצחק אבארבאנעל, וועלכער זאָל פאַרשעלטן דייטשלאַנד און אַרויספירן די אידן?

איך ווייס, מען וועט פּרואוון מיט מיך דיסקוטירן, אַז ניט אַלע דייטשן זענען שולדיק, אַז מען פירט איצט איין אין די זאָנעס דע־

מאָקראַטיע און מען דערציט דעם דייטש צו אַן אַנדער אַרט דענקען און אידייאישן גאַנג. איך וויים עם אַלעס. איך בין מסכים, אז מען דאַרף די דייטשן ניט אויס׳הרג׳ענען, — ניטאָ בכלל קיין שטראָף פאַר זיי, לויט דעם וואָס זיי האָבן אונז אָפּגעטאָן. איך בין מסכים צו אַלץ וואָס איר ווילט בנוגע די דייטשן. פאַרוואָס? ווייל ווען מיר זאָלן פאָדערן געצאָלט, וואָלט דער דייטשישער פאָלק גערדאַרפט לאָזן הויך שרייען זיין חרטה ווי געשריי, אויף זיין געפאַלנקייט אין דער לעצטער צייט. ער וואָלט גערדאַרפט גרויסע פּאַרגיטיקונגען קעגן אונז אויסטיילן. זיי וואָלטן כאָטש די אויגן פאַרשעמט צום ערד געדאַרפט אַראָפּלאָזן. אָבער איך האָב זיי געזען אין דייטשלאַנד, אין בייערן — ווי הויך פאַרריסן זיי שפּרייזן.

איז צו וואָס די אומזיסטע אויפרעגונג. זאָלן אידן אַרויס פון דייטשלאַנד! קיינער דאַרף זיי ניט דאָרט און קיין איד דאַרף ניט דייטשלאַנד. צו וואָס בויען דאָרט קהילות און רבנים זאָלן פאָרן איבערנעמען די פּירערשאַפט.

אידן, אַרויס פון דייטשלאַנד! מיר האָבן אַן אייגן לאַנד! און אויב ניט אַהין, איז וואו יעדערער וויל, אָבער מיט דייטשלאַנד לאָזט אָפּ כאָטש אויף אַ יאָרהונדערט. זיי וועלן זיך די „יעקעס“ באַגיין אָן אונז און מיר קענען זיך ברוך השם פאַרגינען באַגיין אָן זיי. איך גלויב, אז אונזערע קדושים פאָדערן עס פון אונז. יע! סימבאָליש דאַרף מען די קברים אויך אַריבערפירן. זיי זאָלן זיי מער ניט קענען שענדן.

# פ אַ ר י ז

כ'בין פון דייטשלאַנד אַרויסגעפאָרן קיין פּאַריז מיטן אינטער־נאַציאָנאַלן שנעל־צוג. כ'האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען כ'האָב באַ־טראַכט דעם פראַנצויזישן באָדן. ניטאָ מער די דייטשן און די דייטשישע ערד וועגן וועלכער כ'האָב קיין גוט וואָרט ניט געקענט זאָגן אפילו ביי מיין אַרויספאָר.

פּאַריז דערפרישט ווען דו קומסט אהין אַריין. די אַלטע היס־טאָרישע שטאָט פון קולטור, אַריסטאָקראַטיע און רענעסאַנס, די שטאָט פון לוקסוס און וויין, רייצנדע פרויען און אויסטערליש שיינע געגנטן. די שטאָט פון דער וויגעלע פון דער ערשטער רעוואָלוציע, מיט אירע דענקמעלער, פאַר אירע וועלט באַרימטע דענקער און דיכ־טער, רעוואָלוציאָנערן און מאַרטירער. פּאַריז, די שטאָט פון גראַציעז־קייט און מאָדערניזם, מיט אירע ברייטע בולוואַרן און עוועניוס.

פּאַריז מיט איר משונה'דיקער באַוועגונג, אָבער דאָך אָן גע־רויש פון שטאָטישן הו־האַ, ווי אין אַנדערע רוישיקע הויפּט שטעט. די מעטראָ פאַרבינדט די שטאָט שנעל און באַקוועם.

די פראַנצויזן זענען העפלעך ביזן העכסטן גראַד. אין קעגנזאַץ צו דער דייטשישער העפלעכקייט, איז זי ביי זיי אָן אינערלעכע אויפ־ריכטיקייט. דער דייטש איז דאָ פאַרהאַסט, מען דערמאָנט אים מיט פאַרביטערונג און עקל. און עס שטעלט זיך טאַקע שווער פאָר: אַ נאַציישער סאָלדאַטן שטיוול אויף די פּאַריזער גאַסן. די שפּורן פון קריג זענען נאָך ניט פאַרהיילט, עס עקזיסטירן נאָך שפּייז קאַרטן. דער אַרבעטס לוין איז אַ קליינער, באַמערקסט רייען נאָך ברויט און עס פאַרדריסט ממש וואָס דאָס סימפּאַטישע קולטורעלע פראַנ־צויזישע פאָלק, דאַרף נאָך ליידן אַזוי פיל נאָכן קריג. מערסטנסטייל פאַרברענגט דער פראַנצויז זיין פרייע צייט אויף דער טעראַסע ביי די וויין געשעפטן. דער פראַנצויז טרינקט וויין, ווי אין קיין לאַנד און דעריבער האָט ער שטענדיק זיין הומאָר. ביי אים איז עס

אָבער ניט קיין שכרות און זעלטן ווען איר וועט באַגעגענען אַ שכור'ן פראַנצויז.

פאַר זייער הויפּט שטאָט פּאַריז, האָבן די פּאַריזער אַ באַזונדער קולט. כ'בין אָנגעקומען פּונקט פאַר דער פייערונג פון 14־טן יולי, טאָג פון שטורעמען דער באַסטיליע. דאָס איז דער גרעסטער יום־טוב ביי די פראַנצויזן. נאָך מיט אַ וואָך פאַרן אָנקום פון יום־טוב, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף די גאַסן טאַנץ פּלאַטפאָרמעס און יונג און אַלט האָבן גאַנצע נעכט געטאַנצט. אין די גאַסן און מעטראָס, איבעראַל, האָסטו באַמערקט זיך קושנדיקע פּאָרלעך. אָבער דאָס איז ניט קיין אויסגעלאַסנקייט, עס איז אַן אויסדרוק פון זייערע פרייליכע געפילן און עס קומט אַרויס ביי זיי זייער נאַטירלעך.

כ'בין בייגעווען די דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטנדן פּאַריז, לכבוד דעם טאָג פון שטורעמען די באַסטיליע. די דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט זיך געצויגן שעה'ן לאַנג האָט פאַרביימאַרשירט פאַר דער טריבונע וואו עס זענען געווען די צענטראַל קאָמי־טעטן פון די אַרבעטער פּאַרטייען. אויך דעלעגאַציעס זענען געווען פון פיל אַנדערע לענדער. באַזונדער האָט זיך געדיינקט די יעטלענ־דישע דעלעגאַציע, וועלכע האָט פאַר דער טריבונע אויסגעפירט אַ נאַציאָנאַלן שטעטלענדישן טאַנץ, באַגלייט אויף אַלטע נאַציאָנאַלע מוזיק אינסטרומענטן.

אין לאַנד איז נאָך ברויזנדיק, דאָס פאָלק איז ניט צופרידן מיט דער נאָך מלחמה לאַגע, מען האָט געהאָפט אויף בעסע־רע צייטן און אַנדערע אָנגעצייכנטע וועגן אין דער פּאָליטיק, אָבער ס'איז געקומען ניט דאָס.

און באַמערקסט ווי דאָס לאַנד, וועלכע האָט געדאַרפט שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָל אין אייראָפּע, איז ניט צעמענטירט נאָר אַרומגע־כאַפּט פון שטרייטן, רייסענישן פון פּאַרטייען און פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס, וואו די רעאַקציע פּרוּווט הויבן דעם קאָפּ און דאָס שוואַכט אָפּ דעם כח פון לאַנד.

דאָס גרויסע פּוּאַנקרייך איז אַביסל צו פיל צושוואומען אין אירע אידעאָלאָגיעס און עס וואָלט צונוץ געקומען אַ שטאַרקע ריכטיקע האַנט, וועלכע זאָל אַלעס קענען קאָנטראָלירן.

פון פאריז בין איך געפארן נאך מארסעי, דער גרעסטער פארט איצט אין איירָאפע. דער פָארט מאכט דעם איינדרוק פון אַן אַלטער שטאט מיט שמאָלע גאסן, דאך מיט פיל אינטערעסאנטע היסטאָרישע און אַלטע געביידעס. די גאסן זענען געפאקט מיט שטראָמענדע מאסן. דער האפן איז צעטיילט אויף 2 טיילן, אלט און נייעַ־פאָרט. דער נייער־פאָרט איז פאר גרויסן פראכט און פאסאזשיר שיפ׳ס פארקער. דער אלטער פאָרט איז פארן פארקער פון פיש פאנג, און דו באגעגנסט פיל פישער גרופן מיט זייערע לאָדקעס און סתם מאָטאָר שיפלעך, נעבן וועלכע עס שטייען די אייגנטימער און קלאפנדיק מיט די הענט ציען זיי צו דיין אויפמערקזאמקייט און לייגן פאר כאפן א שפאציר אויפן אָפענעם ים.

אָט שטייט אַ גרויסע פישער שיף, וועלכע דארף אָפּפאָרן באלד אין ים אויף פיש־פאנג. אַ יונגע פרוי זעגנט זיך הארציק מיט איר לעבנ׳ס באגלייטער און ווייל זיי פאָרן אָפּ אויף לאנגע וואָכן און מאָנאַטן, איז איר שווער די צעשיידונג. כאָטש די שיפל האָט זיך שוין דערווייטערט פון ברעג און איז ארויס אין אָפענעם ים, איז נאָך אלץ די יונגע פרוי געשטאנען איינגעגעסן מיט איר בליק, באגלייטנדיק איר מאן צו זיין פיש־פאנג.

דאָס פישער פאָלק און בכלל די אלע, וואָס האָבן צו טאָן מיטן ים, זענען פון א באזונדער טיפ מענטשן און פארמאָגן פיל אינטע־רעסאנטקייט.

כ׳האָב שפאצירט אויפן ברויזנדן ים אין א מאָטאָר שיפל, גע־פרואווט זיך צוגעוואוינען צו דער גרויסער רייזע, וועלכע כ׳האָב געדארפט אדורכמאכן. דער ברויזנדער ים האָט געוואָרפן די שיפל אַרויף און אַראָפּ און עס איז מאָדנע אָנגענעם געוועזן.

# אויפן ים

אויף א גרויסער פּאַסאַזשיר שיף, זענען מיר אַרויס־געפאָרן פון פראַנקרייך נאָך דעם „ג אַ ל ד ע נ ע ם" לאַנד. די שיף האָט געהערט צו אַ פּאַנאַמער קאָמפּאַניע און מען קען איר פולשטענדיק אָנרופן פּיראַטן שיף. 1.600 פּאַסאַזשירן האָט זי אַריינ־גענומען אין זיך, ניט זייענדיק צוגעפּאַסט פאר אזא גרויסע צאָל פּאַ־סאַזשירן און בכלל צום פּאַסאַזשיר פּארקער. אין צייט פון קריג האָט די שיף געפירט זעלנער און זי איז נאָך ניט איבערגעבויט גע־וואָרן, האָט זי טאקע אויסגעזען ווי אַ שווימענדע זעלנער קאַזארמע. געפאָרן זענען מיר אַ מאָנאַט צייט, פיל טעג אָן לופט צום אָטעמען, אָן וואַסער צום וואַשן זיך און אָן פרישע עסן. יעדן 7־טן טאָג פלעגן פּאָרקומען סטרייקן צוליב דעם עסן און אַנדערע באַדינונגען... אַזוי ווי עס האָט קיינעם זיך ניט געגלוסט צו אָפּשטייגן אין ברויזנדן ים, איז מען געפאָרן ווייטער מסכים זייענדיק מיטן גורל.

מיר זענען אַדורכגעפאָרן באַרסעלאָנאַ, די שפּאַנישע רעוואָלו־ציאָנערע פּאָרט־שטאָט. די שטאָט געביידעס און אַלטע מויערן זענען געבויט אין אַלטן סטיל. די שיף האָבן אַרומגערינגלט צענדליקער פּאָ־ליציי לייט, מיליטער און געהיים אַגענטן אין פולער באַוואָפענונג. זיי האָבן געהיט ס'זאָל חלילה ווער ניט וואַגן פון שיף צו שעדיקן די פאַשיסטישע פראַנקאָ רעגירונג... דאָס איז געווען די ערשטע פּאַסאַ־זשיר שיף נאָך דעם קריג, וועלכע באַרסעלאָנאַ האָט געזען אין אירע וואַסערן. (ביז דאַן איז ניט געווען קיין שיף פּארקער צווישן פראַנקרייך און שפּאַניע).

צום ברעג פון פּאָרט זענען צוגעקומען הונדערטער אָפּגעריסענע, שמוציקע, הונגעריקע, קינדער און פרויען, ווען די פּאַסאַזשירן האָבן געוואָרפן פון דער שיף ברויט און אַנדערע עסנוואַרג'ן. עס האָט זיך געמערקט, אַז די מאַסן הונגערן אין שפּאַניע אונטער פראַנ־קאָ'ס ממשלה. די פּאָליציי מיט די קאָלבעס פון די ביקסן האָט צע־טריבן די מאַסע, וועלכע איז דאָך דורך אַנדערע וועגן צוריקגעקומען

צו דער שיף. עס האָט ניט געפּאַסט פראַנקאָ'ס מושלים מען זאָל זען זייער „גן־עדן" אין וועלכן ס'לעבן ביי זיי די מאַסן.

אויף דער שיף זענען געפאָרן פיל שפּאַניער, וועלכע זענען אין עמיגראַציע צוליב זייערע דעמאָקראַטישע אָנשויאונגען און אָנטייל־גענומען אין דער שפּאַנישער רעוואָלוציע. זיי פאָרן איצט אויף פאַר־דינסטן אין די לאַטיין אַמעריקאַנער לענדער. האַרץ רייסנדע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף דער שיף און דערנעבן. קינדער האָבן דאָ אויף דער שיף זיך באַגריסט מיט זייערע עלטערן, וועמען זיי האָבן יאָרן לאַנג ניט געזען. פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט האָבן אויפן שיף געהאַט זייערע מענער. מען האָט ערלויבט קורצע זעאונגען פאַר זיי. די בילדער זענען געווען רירנדע ביז טרערן. אַט האַלט אין אַ ווינקל אַ פאָטער אַ טאָכטער, וועלכער ער האָט שוין יאָרן לאַנג ניט געזען, די טאָכטער הייגנט ביים פאָטער אויפן האַלז און קלאַמערט זיך אין אים מיט איר גאַנצן כח. דער פאָטער איז בלאַס און פון זיינע אויגן רינען טרערן. די אויפזעער צעשיידן זיי, ס'זאָל צו לאַנג די זעאונג ניט דויערן. אַט איז צוגעקומען אַ יונגע פרוי נאָך, וועלכע איז שוין אָבער אין אויסזען ענלעך צו אן אַלטער. דאַר, דער פּנים פאַרוועלקט. זי זוכט מיט אירע אויגן צווישן די פּאַ־סאַזשירן פון דעק אויפן שיף. זי זוכט געשווינד און נערוועז. אַט האָט זיך איר בליק אָפּגעשטעלט אויף עמיצן, איר נערוועזיטעט קען זי קוים, קוים באַהערשן. ס'מערקט זיך ווי פון איר האַרץ רייסט זיך אַ פאַרשטיקטער אויסגעשריי וועלכ'ן זי דערשטיקט אין זיך. זי האָט קוים, קוים זיך באַהערשט און אַ שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף איר דאַר בלאַס פּנים. אויפן דעק שטייט אַ מענטש, זעט אויס פון אַ יאָר 30. ער איז איר מאַן, זיי טאָרן עס אָבער עפנטלעך ניט אַרויסזאָגן. זייער לעבן דראָט אַ געפאַר. אויף דער שיף דרייען זיך אַרום פראַנקאָ'ס געהיים אַגענטן, וועלכע זוכן און נישטערן, ער האָט זיך אויך צעשמייכלט און מיט די בליקן פון דער ווייטן, האָבן זיי זיך פאַרשטענדיקט, זיך געהאַלזט, געקושט, געפרעגט פיל, פיל און דערציילט אויך און אַזוי האָבן זיי זיך געזעגנט...

די זון האָט זיך גענויגט צום אונטערגאַנג אין באַרסעלאָנאַ, דעם מערב האָט געצונדן אַ ים פון פייער. רויטע לאַנגע פאַסן פון פיי־ער קאָלירן האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויפן מערב. די שטאָט איז ווי

באַגאַסן געוואָרן פון א חעלן שיין. פון ים האָט אַנגעהויבן בלאָזן אַ קאַלטער ווינטל און עס האָט אָנגעהויבן צופאַלן דער פאַרנאַכט. די זון האָט אַלץ וואָס ווייטער זיך מער אַראָפּגערוקט צום מערב און עס האָט אויסגעוויזן, ווי זי וואָלט אויף איר אָפּרו אוועק. מיט איר אַראָפּזינקען נידעריקער, האָט זיך אַלץ מער געלייגט די טונקלקייט. ביים ברעג זענען געשטאַנען טויזנטער באַרסעלאָנער. די באָרוועס שמוציקע קינדער, האָבן מער זיך ניט געשלאָגן צווישן זיך וועגן צו־קומען נאָענטער און צו כאַפּן די שטיקלעך פון שיף. עס האָט זיך געפילט די באַלדיקע אָפּשיידונג פון דער שיף פון ברעג. די פּאָליציי לייט, זענען אַזוי ווי אויך באַהערשט געוואָרן פון דער שטימונג און האָבן מער ניט געטריבן די קינדער פון ברעג.

די שיף האָט גענומען רירן. דער מרחק פון ברעג איז געוואַקסן. אַ געפעך פון טויזנטער טיכלעך און הענט האָט זיך געלאָזט מערקן פון ברעג און פון שיף, ס'האָט אויסגעזען ווי אַ מערדערלעכע האַנט צערייסט נאָענטע הערצער פון פאָטער און קינד, פון מאַן און פרוי. די שיף האָט זיך אַלץ וואָס ווייטער דערווייטערט. די באַרסעלאָנער אויפן ברעג האָבן נים אַראָפּגענומען זייערע אויגן פון אַפּשווי־מענדן פונקט...

עטלעכע וואָכן זענען מיר געפאָרן ביז די קאַנאַרישע אינזלען, פון וואַנען מיר זענען אָנגעקומען קיין ווענעזועלאַ. אין די וואָכן האָס־טו געזען פאַר די אויגן נאָר ים און ים און ווי ווייט דיין בליק האָט דערגרייכט, האָסטו באַמערקט נאָר וואַסער. קיין ברעג, קיין געוויקס און פויגל. די שיף האָט לאַנגזאַם זיך גערוקט און געשניטן די כוואַל־יעס פון ים. ס'האָט אויסגעזען ווי עס קומט שווער אָן דאָס שניידן דעם וואַסער. די גאַנצע שיף מיט אירע מענטשן און לאַדונג, האָבן זיך פאַרביטן אין איין קליינעם פונקט אויף דעם גרויסן מדבר פון ים. עס האָט אויסגעוויזן ווי דער רוישנדער, ברויזנדער אָקעאַן האָט נאָר אַ טראַנזיט געגעבן דער שיף צו זיך וויגן אויף זיין רוקן. ווען ער וויל וואַרפט ער איר פון זיים צו זיים. וואָס ער וויל מאַכט ער מיט איר. דער מענטש אויפן ים ווערט פאַרביטן אין אַ הילפלאָז באַשע־פעניש, וועלכער ניט זיך אונטער דעם גורל פון גרויסן באַהערשער — דעם ים. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר אַ ניי וועלט, וועלכע דער מענטש האָט נאָך ניט באַהערשט און וועט ווייזט אויס קיינ־

מאָל ניט באהערשן. כאָטש עס איז דאָ אויך אויפן וואסער באהער־שטע און געצוימטע פליִצער, דאָך איז עס נאָר אויף די ברעגן, וואָס ווייטער דו פאָרסט אין אָפענעם ים, איז ער פריי, שטורמיש און אומבאהערשט.

דער אויסזען פון ים איז ווי נאָך זיין שטימונג. אָט איז ער נער־וועז, שטורעמט, שוימט, יאָגן די כוואַליעס. עס קומען אָבער טעג, ווען ער איז אין גאנצן פולשטענדיק רואיק. ער ווערט דאן אזוי בלוי און גלאַט, אז קיין איינציק כוואַליע באמערקסטו ניט.

ס'טרעפן פילע נעכט, ווען די לבנה וואַרפט זילבערנע שטראַלן אויפן אויבערפלאַך פון שפּיגלענדיקן זיך וואסער. דאן פארשפרייט זיך דער זילבערנער שיין ווייט, ווייט אַרום דער שיף. ס'טרעפן אָבער פינסטערע נעכט, ווען א שווארצע געדיכטע פינסטערניש צעלייגט זיך אַרום, דאן איז דער ים פארזונקען אין א פארבאָרגעניש און דו זעסט גאָרניט פאר זיך. די שיף שניידט די וואַסערן און דערמאָנט דיר וואו דו ביזט.

ס'טרעפט, אז דער הימל צינדט זיך אַרום פון בליצן, וועלכער ווערט באלויכטן אַרום מיט א ים פון אויפשיינונגען און עס הערן זיך קנאַלן פון דונערן, וועלכע קייקלען זיך ווייט וואו ערגעץ אין א שטילן קלאַפּן און דאן דערנענטערן זיי זיך נאָענטער צו דיר. עס פאַלט אַראָפּ א שלאַקס רעגן וועלכער ווערט פארזונקען אין די טי־פענישן פון וואסער אין ים.

אין ווענעזועלא זענען אָפּגעשטיגן די גרעסטע צאָל פּאַסאַ־זשירן. מיר זענען געשטאַנען אין פּאָרט קאַבעלא 4 טעג. דער פּאָרט מאַכט קיין איינדרוק. א שמוציק קליין האפן, וועלכער איז ניט צוגעפּאסט צו קיין גרויסן שיפס פארקער. דאָך שטייט אים פאר א צוקונפט פון פאנאנדערבויאונג. די גאסן שמאָלע, שמוציקע און פון אָפּגעשטאַנענער קולטור.

מיר פאָרן אָפּ קיין האַוואַנאַ.

# ק ו ב אַ

פרימאָרגן! אַ העלער זון שיין האָט באַגאָסן דעם ים און אונזער שיף, מיר דערנענטערן זיך צו די ברעגן פון האַוואַנאַ. פון ווייטן זעט זיך די שטאָט מיט אירע גרויסע מאָדערנע געביידעס. אונזער שיף בלייבט שטיין ווייט פון ברעג. מען לאָזט ניט אַריינשווימען אין האַפן. דאָ וועט מען אונז ערליידיקן די פאָרמאַליטעטן און מיט קליינע שיפלעך צו פירן צום ברעג. ס'קלאַפּן הערצער, ווער פאַרט צו אַ גאַנגנטע, ווער צו אַ קוזין, מיט וועמען מען איז צעשיידט צענדליקער יאָרן, אָדער מ'קען זאָגאַר אפילו ניט. די קליינע שולמית'ל און קליינע ראַיקעלע אַזוי ווי זיי וואָלטן געפילט די שטימונג, זענען רואיקער ווי אַלעמאָל. שולמית'ל ווי די שיף מאַנשאַפט פלעגט איר רופן „סולאַמיט" איז אויסגעפוצט אין אַ ראָז יום־טוב'דיקן קליידל און קוקט מיט אירע קלוגע אויגעלעך אויף צום ברעג, וואוהין עס זענען געווענדעט די בליקן פון איר מוטער.

כ'גרייט מיך צו אָבסערווירן די באַגעגענישן...

אויפן דעק פון שיף האָבן זיך צוזאַמענגעזאַמלט עטלעכע צענדליק פּאַסאַזשירן, וועלכע שטייען אָנגעלייגט מיט זייערע אָרעמס אויפן ראַנד פון שיף. די געפּעק זייערע איז אַרויסגעטראָגן פון פרי נאָך אויפן דעק. די פּאַסאַזשירן — אָנגעטאָן יום־טוב'דיק און צוגעפּוצט. מ'דאַרף זיך באַלד זען מיט קרובים, וועלכע זענען שוין צענדליקער יאָרן אין גאָלדערנעם לאַנד, פיל פון זיי זענען ביזנעס־לייט, ווילן די „גרינע" ניט אַזוי אויסזען גרין אין זייערע אויגן ביי דער באַגעגעניש. האַלט מען נערוועז יעדער כמעט אַ שפּיגעלע, אַ קעמעלע, מ'פּוצט זיך צו צוביסלעך און מען כאַפּט אָפּט אַ קוק אַריין אין שפּיגל.

פון ווייטן דערזעען זיך שיפלעך, וועלכע דערנענטערן זיך פון ברעג צו אונזער שיף. עס זיצן אין זיי קובאַנער אידן, וועלכע מען דערקענט פון ווייטן נאָכן נאָז און פּנים.

עס הויבן אָן אַרויפקוקן אויף דער שיף די צוגערייזטע. און מאָדנע, אינסטינקטיוו דערפילן זיך הערצער, צעשיידטע פון לאנגע יאָרן און פריינט דערקענען זיך. די קובאנער אידן, דערזעען זייערע פריינט וועלכע קוקן אוים אין זייערע אויגן ווי פון „יענער וועלט" געקומען, אַט קוקט אַרויף אַ מאַן צו דער שיף וואו ער דערזעט זיין פרוי און 2 זין, צעשיידט נאָענט צו 20 יאָר. וויפל וואַסערן זענען פאַרלאָפן פאר דער צייט... בלוטיקע טעג און בלוטיקע פאסירונגען. זיינע זין קליינינקע נאָך ווען ער האָט זיי געלאָזן און אויסגעוואנדערט נאָך אַמעריקע. א י צ ט דערוואקסענע שוין, דער עלטעדער אלס אונטער אָפיצער אין דער רויטער אַרמיי געקעמפט און אויך געראַנירט אין שלאכט מיטן דייטש. אַט קוקט אַרויף אַן אַנקל און טאַנטע צו זייער פלימעניצע. זי איז פון ליטע, פון שאַוועל. געוועזן אין געטאָ, פאַרלאָרן דעם מאַן און איצט קומט זי מיט איר 2 יעריק קינד צו איר מוטערס שוועסטער. אַט זוכט די טאַנטע איר פלימעניק, זי געדיינקט אים נאָך פאר א קליין אינגעלע וועלכן זי האָט געלאָזן אין פוילן. ער איז שוין איצט א בחור פון 24 יאָר. אדורכגעמאכט א שווערן לעבנס וועג. געארבעט אין צייט פון קריג אין די קוילן־גרובן, פיל אַנדערע שווערע ארבעטן געטאָן, דאָך ניט פארלאָרן דעם מוט. ער קומט איצט צו דער שוועסטער פון זיין מוטער. זי זוכט אים מיט אירע אויגן צווישן די פאַסאַזשירן און אַט האָבן זיי זיך אינסטינקטיוו דערקענט. זי פרעגט אים גאָרניט, רעדט ניט, זי האָט איר בליק אָנגעשטעלט אויף אים, ער קוקט אויף איר, ס'קלאַפן הערצער... פאר זיינע אויגן שטעלט זיך פאָר דער געשטאַלט פון זיין פארשניטענער מוטער און אים דוכט זיך, אז איר גייסט האָט דאָ אויפגעלעבט אין גייסט פון איר שוועסטער — זיין טאַנטע איצט. פאר אירע אויגן שטעלט זיך ווידער דער געשטאַלט פון איר שוועסטער, וועלכע זי האָט געלאָזן אַ יונגע נאָך ווען זי איז אָפגעפאָרן... אין דעם מאָמענט פון אָנקוקן זיך האָט זי אים אַדאַפּטירט אין הארצן אלס איר קינד און עפּעס אַן אינערלעכע אויפגייענדע פרייד האָט פארפלייצט איר פרויען־נשמה, זי האָט די הייס אירע דערזען פאר די אויגן און א לעבעדיקן גרוס באקומען פון דאָרט.

נאָך סצענעס שטילע אָן טרערן, אָן היסטעריעס, אָן ווערטער אפילו, — שטומע. אַלעס איז שוין געזאָגט געוואָרן פיל מאָל. די אי־

בערלעבונגען זענען אזעלכע אז מען רעדט ניט וועגן זיי. רייד אַן ווערטער מאכן בלאָס אָפּטמאָל דעם איינדרוק פון געשעעניש.

אוונט. מען פאָרט צו דער טריסקאָרניע מיט די שטעכל דראָט. מען ערליידיקט די פאָרמאַליטעטן. דער הויפט באאמטער איז דאָ אַן איד. ער באַטאָנט, אז ער איז דאָ אַ אָפּיציעלער באאמטער נאָר, אָבער ווען עס בלייבן עטלעכע פּאַסאַזשירן וועלכע פארמאָגן ניט די נויטיקע דאָקומענטן, רוט ער ניט, קלינגט אין „דזשאָינט”, ביז מען קומט ניט אָפּנעמען זיי. ווי זאָגט מען: בינד מיך אויף אלע פיר און וואַרף מיך צווישן אידן.

0 0 0

כ'גיי אַרויס אויף האוואנער גאסן, דער גלאַנץ און פּראַכט פארכאַפּט די אויגן. די באוועגונג אויפן גאס זעט אויס ווי זי איז איבערגעוואַקסן דער שטאָט; עס מאכט דעם איינדרוק ווי מען וואָלט נאָך אזא האוואַנאַ געדאַרפט, בכדי צו אַריינעמען דעם גאַנצן גערויש און פּאַרקער.

מען לאָזט מיך רואיק די גאס גיט אַדורך. מען דערקענט, אז כ'בין ניט קיין האוואנער. מען לייגט מיך פאָר פארשיידענע באַדינגונגען, אַט וויל מיך ווער פירן ווייזן די שטאָט. א צווייטער לייגט פאָר פירן אין א פריילעך פארוויילונגס אָרט. זיי רעדן צו מיר שפּאַניש. ווען איך ערקלער זיי, אז איך פארשטיי ניט שפאניש, ריידן זיי צו מיר ענגליש און כ'גילט פאר זיי אלס אמעריקאנער. ווען איך ערקלער, אז איך בין אויך ניט קיין אַמעריקאנער, בלייבן מיינע באַגלייטער'ס פארגאפט. ווייזט אויס, אז ביי זיי גילטן נאָר צוויי פעלקער: קובאנער און אַמעריקאנער. וועגן אַנדערע האָבן זיי קיין אַנונג ניט.

מיך האָט אינטערעסירט צו דערקענען דעם לעבן פון שטאָט פון אַן אַנדער זייט. כ'האָב לאנג ניט געדאַרפט זוכן. אין אלט האוואנא מיט אירע שמאָלע געסלעך, האָב איך געפונען דעם 2-טן טייל לעבן פון שטאָט. מענטשן צונויפגעפּרעסטע אין ענגע דירות אָן לופט און וואסער. איך בין אַרויסגעפאָרן הינטערן שטאָט אויף א שפּאַציר, דערזען פאר זיך וואוינונגען פון מענטשן, וועלכע זענען ענלעך צו

בודקעס וואו עס וואוינען הינט. איך בין ווייטער געגאנגען איבער די רווישיקע גאסן, קינדער זענען צוגעשטאנען צו מיר. אט לייגט מיר פאר איינער צו אפפוצן די שיך, איך קען זיך ניט באפרייען פון אים און איך מוז מיך אונטערגעבן זיין פארלאנג. ער פוצט מיך די שיך און איך קוק אים אן. א קינד נאך. עס ווילט זיך אים פרעגן: פארוואס לערנסטו ניט, פארוואס ביזטו אזוי דאר, שמוציק? אט גייט דורך פארביי מיר א פרוי, זי רעדט צו מיך, איך פארשטיי איר ניט. זי באמיט זיך געבן צו פארשטיין, וואס זי וויל פון מיך... כ'קוק איר אן, א קינד נאך, דאר, די ליפן און פנים באפארבט. עס ד'ערטראגט זיך א ריח פון ביליקן פערפיום און עס ווילט זיך פרעגן: ווער ביזטו, ווי רופט מען דיר, וואו איז דיין פאטער און מוטער און פארוואס טוסטו עס?...

כ'בין אין אוונט געגאנגען אויף פראדא, דער שיין פון די רעקלאמען און באלויכטונג פון גאס, האט געמאכט דער גאס שיינען, פארביי מיך האבן זיך געטראגן טויזנטער אילומיזינעס אין וועלכע עס זענען געזעסן פריילעכע און לוסטיקע מענטשן.

מיין אויפמערקזאמקייט האט אפגעשטעלט א יונגע פרוי נאך מיט א פיצל קינד אויפן האנט, וועלכע איז געזעסן אויפן טראטואר און דערנעבן איר נאך א קליין קינד, זי האט אויסגעשטרעקט איר האנט און די מיידעלע איז מיך נאכגעלאפן א שטיק וועג, ניט אפלאזנדיק ביז זי האט ניט באקומען קיין סענט. איך האב געוואלט פרעגן דער מוטער, ווער איז זי, ווי רופט מען איר? און פארוואס זיצט זי דא?... כ'האב אבער נאך צונויפריידן ניט געקענט זיך און געגאנגען ווייטער.

כ'ביןביים ברעג ים. דער ים רוישט און זאגט מיך אן, אז איך בין ווייט איצט פון אייראפע, ס'טראגן זיך פארביי טויזנטער אלומיזינעס. איך פארמאך די אויגן און טראכט: ניט שלעכט צו לעבן אין לוקסוס און זיין רואיק, אבער לאמיר מאכן רייך און גליקלעך אלעמען. אלע מענטשן האבן דעם זעלבן געטלעכן געשטאלט...

0 0 0

עס איז אינטערעסאנט צו דערקענען דעם אידישן לעבן אין האוואנא. כ'הויב אן פון דער פרעסע. עס פרייט צו זען דערשיינען ביים

קליינעם ישוב 2 אידישע צייטונגען, איך לייען זיי און באקום א באַ־גריף וואָס פאר א פּאָליטישע גרופּירונגען עס עקזיסטירן אויף דער אידישער גאס און די ארבעט וועלכע ווערט געפירט צווישן זיי.

איך קום אויף מוראיא גאס, וואו עס איז קאָנצענטרירט די אי־דישע ביזנעס. עס דערמאָנט אָן ווארשעווער גענשא גאס. אידן אריינגעטאָן אין זייערע ביזנעס און ווען דו קוקסט זיך צו, צו אזא ביזנעסמאַן דוכט זיך דיר, אז די אָנגעפּאקטע סחורה אין געשעפט פארשלינגט אים צו ביסלעך אין גאנצן.

דער איינדרוק וועגן דער יוגנט איז, אז מערסטנטייל (די רייכע און שטודירנדע) האָט מיט אידישקייט ווייניק וואָס צו טאָן דער מרחק צווישן זיי און פאָטער און שפּעטער צווישן זיי און זייערע קינדער איז אלץ א ווייטערער. זיי קענען ניט אפילו זייער מוטער־שפּראך און וואָס איז צו ריידן פון אידישער היסטאָריע און אידי־שער ליטעראטור.

כ'פרעג מיך ניט איינמאָל פארוואָס גיט עס ביי קיין פאָלק, א זון אָדער א טאָכטער, וואָס זאָל ניט קענען זיין מוטער־שפּראך! פארוואָס פּאסירט עס ביי אונז אידן? איז דען אונזער היס־טאָריע, ליטעראטור און שפּראך ניט גענוג שיין?...

אמערסטן קוקן אוים וואונדערלעך און פארדריסלעך אזעלכע דער־שיינונגען נאָך די פילע בלוטיקע יאָרן און לערעם וועלכע מיר האָבן באַקומען.

פאראַן פיל שאָטן־זייטן אויך אין אידישן לעבן, ניטאָ ביז היינט נאָך קיין אָפיציעלע קערפּערשאפט, וואָס זאָל באמת רעפּ־רעזענטירן אלע אידן, איך וויל אָבער קיין סך ניט קריטיקירן. איך בין נאָך א גאסט; ערשט געקומען און געסט דארפן זיך פארהאלטן דערוויל ווי געסט.

0 0 0

אין רעסטאָראַן „האַנאַבאַנא" מיטאָק צייט טרעף איך פיל פון מיינע שיפס־ברידער און אַנדערע עמיגראַנטן פליכטלינגען.

כ'קען כמעט יעדן איינעם. כאָטש פיל פון זיי קענען מיך נים. יעדערנס איבערלעבענישן זענען א קאפיטל פאר זיך.

אַט זיצט אַ פרוי מיט איר פּלימעניצע. אויף דער פרוי'ס הענט מערקט זיך דער קאַצעט נומער דער און דער...

אויף איר קאָפּ קרייזלען זיך זילבערנע האָר, כאָטש זי איז נאָך יונג. רעדסט מיט איר איז זי אויסערלעך רואיק. עס מערקט זיך אָבער איר אויפגערעגטער געמיט און מיך דוכט, אז שטענדיק איז זי אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד.

ביים 2־טן טישל זיצט אַ יונג מיידל נאָך. אויפן האַנט אַ נומער. אירע בלויע אויגן, בלוי ווי דער קאָליר פון הימל און ים, קוקן שטיל און דורכדרינגלעך ווען זי רעדט מיט דיר. אַ קינד נאָך. איר איידעלע דאַרע פיגור, ווי איינגעשרומפּן פאַר די יאָרן פון איבערלעבונגען. זי דערציילט: די טעג האָבן זיך אַזוי געצויגן אין קאַצעט (קאָנצענטראַציע לאַגער). איז דער אָוונט צוגעפאַלן, האָסטו געוואַרט וואָס וועט ברענגען דער טאָג, איז טאָג געוואָרן האָסטו שוין דעם אָוונט וואָס גיכער דערוואַרט.

זי בויגט דעם קאָפּ אָן אַ זייט ווען זי רעדט, לייגט צונויף, ביידע הענט וועלכע זי הויבט אונטער און שפּאַרט איר קאָפּ אָן אויף זיי. אין אירע אויגן שפּיגלט זיך אָפּ דער טרויער פון קאַצעט לעבן. און עס דוכט, אז איר איידעלער וועזן איז ווי נאָך קלענער געוואָרן אין דער מינוט. ממש אַ קינד פאַר דיינע אויגן, איך קוק און טראַכט: וואָס שנעלער זאָל זי געפינען אַ נאָענטן גוטן חבר, וועלכער זאָל איר מאַכן פאַרגעסן אביסל דאָס אדורכגעלעבטע.

אַ צווייטע: 24 יאָר אַלט, נעבן איר זיצט שוין אַ 3 יאָריק אינגעלע. דער זון שיינט און לויכט אַרוים, לוסטיק שפּילט ער זיך. וואו איז דער פּאַפּאַ, פרעג איך. ניטאָ! ענטפערט די פרוי און דערציילט: 3 יאָר איז זי מיטן מאַן אין וואַלד געווען אין אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע. ביינאַכט פלעגט זי אויף אויסשפּירונגען גיין אין די נאָענטע דערפער כדי שפּייז צו ברענגען. ביים רעכטן זייט האָב איך אַ רעוואָלווער געטראָגן, מיר האָבן געוואוינט אין אַ טיפן וואַלד אין אַן אונטערערדישן הייל. אַזוי האָבן מיר אַדורכגעלעבט דעם קריג. געקומען קיין פּוילן, און דאָן געהייראַט, און ווען זי האָט געבוירן דאָס קינד — דאָס אינגעלע וואָס שפּילט

זיך נעבן איר איצט, האָבן פוילישע באַנדיטן איר מאַן געה'רג'עט... און אַזוי קאָנסטו נעבן יעדער טישל ווען דו וועסט צו־גיין, הערן ענלעכע פּאַסירונגען און איבערלעבונגען.

0 0 0

פיל פרייגט, וואָס האָבן געבראַכט צו זיך די קרובים פון איי־ראָפּע זאָגן: וואָס איז עס מיט די מענטשן געקומענע פון אייראָפּע: גייען אַרום פאַרביטערטע, אומצופרידענע. מיר האָבן זיי גליקלעך געמאַכט, געבראַכט אַהער און זיי זענען ניט דאַנקבאַר. ווילט זיך אייך זאָגן, טייערע אידן: דער פּראָבלעם מיט די מענטשן איז ניט אַזוי פּשוט. זייערע איבערלעבונגען זענען ניט אַדורך פאַר זיי גלייכגילטיק. דעם געשפּענסט פון דער געשענדעטער אייראָפּע, קענען זיי ניט אַרויסלייגן פון זיך. זיי האָבן שוין אַן אַנדער קוק אויפן לעבן.

מען דאַרף פּסיכאָלאָגיש צוגיין צו דעם פּראָבלעם, מען דאַרף זוכן וועגן ווי די מענטשן צוריק אַרויפברייגען און אַריינפירן אין טראַנס פון לעבן. און צומאָל דאַרף מען זיך צוהערן צו זייער וואָרט און מיינונג, די מענטשן זענען רייך אין איבערלעבונגען, האָבן אויך דערפאַרונג און האָבן אַ צוגאַנג צו פּראָבלעמען. די זאַך שטעלט זיך ניט פאַר אַזוי פּשוט ווי אַנדערע דיינקען.

עס שרייבט מיר אַ קרוב אַ גערעטעוועטער, אַ פּאַרטיזאַן, איצט אין אַמעריקע. צווישן אַנדערע שורות פון זיין בריוו לייענט זיך:

...מיין ברודער האָט מיר אַריבערגענומען קיין אַמעריקע, אָבער פאַר מיר איז שוין אוממעגלעך אָנהויבן פון אלף. איך בין פיזיש און גייסטיק דערשעפּט. איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן און מיינע צרות וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט לאָזן זיך פילן אויפן יעדן טריט.

זייער ריכטיק האָט וועגן אונז, די פאַרבליבענע, — אַ דיכטער געזאָגט, אַז מיר זענען בעטלער־געסט ביי פרעמדע טישן אומגעבעטן, מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון מעסער.

אבער גרעסער וועט זיין אונזער שטראף, ווייל דעם גאנצן לעבן, וועלן מיר זיך פייניקן. אפשר וועלן מיר זיך טרעפן אין אמעריקע, און ווען מיר וועלן פערזענלעך זיך אדורכשמועסן, וועסטו מיך בעסער פארשטיין, נאר דאס איז אלעס א פארשוואונדענע וועלט...

מען קען מיט די אויספירונגען פון בריוו אפשר נית מסכים זיין, ווייל דער געזעץ פון לעבן איז, אז די לעבעדיקע דארפן לעבן, דאך איז דער בריוו כאראקטעריסטיש פאר די שטימונגס געפילן פון די שארית הפליטה.

און נית איינמאל קלערסטו וועגן דיין פאלק מיט די ווערטער פון ביאליק׳ס פאעמע: „גראז איז דאס פאלק".

און עס האט דאך דאס פאלק פון זיין שלאף נית דערוואכט.
נית געטאן זיך א שטעל און א בריל ווי א לייב,
נית געטאן זיך מיט מוט און מיט קרעפטן א הויב.
ס׳האט דאס הארץ פונ׳ם פאלק נית געציטערט פאר פרייד,
נית פון רעכטס, נית פון לינקס, וואו זיי זענען צעשפרייט.
און נית די האנט דערלאנגט,
נית געוואונטשן קיין גליק צו די אלע וואס זענען געקומען צוריק.

מיר אידן, האבן אדורכגעלעבט שווערע טעג און יארן. די לאגע און גורל וואס האט געטראפן דעם אידנטום פון אייראפע — און גלייך גלויב איך דעם אלוועלטלעכן אידנטום — איז שווערער און גרויליקער ווי אנדערע שטעלן זיך עס פאר. עס קען אזוי גלייכגילטיק נית אריבער, מען טאר נית פארגעסן ווי אנדערע ראטן עס צו טאן. מען דארף רעדן וועגן דעם, דערציילן די קינדער און קינדס קינדער, מען דארף זיך פארטראכטן וואו איז דער אויסוועג און וואס טוט יעדער איינער פון אונז, אדער לכל הפחות אין וואס גלויבט מען און וואס גיט די גאראנטיע, אז ענלעכעס וועט מער זיך נית איבער׳חזר׳ן?

און ווייל מיר האבן ליב דעם לעבן, ווייל מיר האבן אלע ליב אונזערע קינדער, ווייל מיר אלע ווילן לעבן, און ווייל עס זאל מער נית געשען ענלעכעס, דארפן מיר קלאר מאכן פאר זיך דעם וועג.

אין וועלכן מיר דארפן גיין און אן אידייע פאר וועלכער מיר דארפן אפגעבן א טייל פון אונזער צייט און מיטלען.

0 0 0

כ'בין שוין אין האוואנא אייניקע מאנאטן. דער לעבן רוישט און גייט דא אן נארמאל. איך זע אבער פאר מיינע אויגן אייראפע. אייראפע מיט אירע קברות־פעלדער. אייראפע מיט איר צעשטערטע שטעט און דערפער. אייראפע וועמעס ערד איז אויסגעווייקט פון בלוט, מענטשלעך פריש בלוט. אין מיינע אויערן קלינגען שטענדיק די געוויינען פון מיליאנען קינדער און מאמעס נאך זייערע אומגע־בראכטע טאטעס. פאר מיינע אויגן שטייען די טויזנטער, טויזנטער היימלאזע, וועלכע שטייען אויף די ראגן און מורמלען: מיך הונ־גערט... כ'הער תמיד די קללה, וועלכע די אומגליקלעכע שיקן נאך די ענקערס פון דער וועלט איבעראל דארט וואו זיי זענען.

און איך זע פאר מיינע אויגן די לאגערן מיט די הונדערטער טויזנטער אויסגעווארצלטע אידן און:

ס'גלוסט זיך מיר וויינען געשמאקער פון הארצן
ציט מיך, ווי כמארעס, צום ים, צו דעם שווארצן
טיפער צו אייך מיינע עלנטע ברידער.
כ'ווייס איר האט טרערן נאך ניט אויסגעוויינטע
צרות דערציילטע און נאך מער געמיינטע,
וואס ווי פארשטיקטע פארבארגענע קוואלן
עגבערן שטיינער און רייסן איין קברים.

---

דורכשלאגן זאלן זיך אייערע טרערן!
גרינגער זאל ווערן און פרייער זאל ווערן! —
אפשר ווער ווייס, וועט נאך גאט אמאל געבן:
איבערגיין וועלן די פינסטערע צייטן,
אויך אונז וועט אפשר געראטן ווי לייטן
בעסערס און שענערס דערלעבן.

(ביאליק)

# ישראל אין קאמף און אויפבוי

אין צייט ווען אין ישראל איז אויס-
געבראָכן דער קאַמף פאר אומאָפהענ-
גיקייט, האָב איך זיך פון קובאַ פריי-
וויליק מאָביליזירט צו דער צבא
**ההגנה לישראל.**

# ישראל אלס לייכט טורעם פאר דעם נאענטן מזרח

(פארוואָרט)

אויף די פעלדער פון יהודה און גליל, פון שרון און עמק, אויפן ווייטן פוסטן נגב און ביי די טויערן פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, האָט זיך אָפּגעשפּילט איינע פון די מערקווירדיקסטע היסטאָרישע שלאַכטן.

א פאָלק, וועלכע האָט זייט 2 טויזנט יאָר פארלאָרן זיין זעלבסטשטענדיקייט, צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער גאנצער וועלט, האָט זיין באפרייאונגס שלאכט אויפגענומען.

דער שונא איז געווען גרויס און מעכטיק. אלע פינסטערע כוחות, וועלכע האָבן שטענדיק געקעמפט קעגן אלטן פאָלק ישראל, האָבן זיך פאראייניקט בכדי דעם באפרייאונגס מארש אונטערדריקן.

אראבישע — שוין פון יאָרן אָרגאניזירטע מלוכות, אימפּעריאליסטישע מעכטיקע וועלט הערשער, נאצי אגענטן, געדונגענע אויסוואורפן פון גאָר דער וועלט, פון וועמענס הענט עס האָט נאָך גערונען פריש אידיש פארגאָסן בלוט — האָבן זייער מארש קעגן יונגן ישראל אָנגעזאָגט.

ס'איז געווען א מלחמה ערקלערונג דעם גאנצן אידישן פאָלק, איבעראל וואו ער איז. עס האָט זיך אנטוויקלט דער דעציזידירנדיקסטער קאמף אויף טויט און אויף לעבן וועגן גורל פון פאָלק ישראל אויף שפּעטערדיקע יאָרן.

דער ישוב פון ארץ ישראל האָט אין דער פולער מאָס פון זיין אחריות באגריפן די לאגע. די אידן פון דער גאנצער וועלט האָבן פארשטאנען זייערע אויפגאבן.

עס האָט זיך איין צעמענטירטע פעלזן וואנט פון אלע אידן פון גאָר דער וועלט אויפגעשטעלט אין א פארצווייפלונגס באריער קעגן די אָנגרייפנדע האָרדעס.

די אויסערלעכע וועלט איז שטיין געבליבן פארגאפט און פאראינטערעסירט זיך צוגעקוקט צום אויסגאנג פון קאמף.

דורך אלע וועגן האָבן געשטראָממ הילפס כוחות פאַר ישראל. וואָלונטירן פון וואו נאָר אן אידישער ישוב, זענען געקומען זיך שטעלן אין די רייען פון די קעמפנדע. אקסל ביי אקסל האָבן געשפאַנט אָפּגעברענטע ארץ ישראל סאַברעס, מיט יונגען פון די געראַמעוועטע פון קאַצעט, קאַלך אויוונס און פּאַרטיזאַנען קעמפער, נעבן זיי וואָלונטירן פון לענדער פון גאַר דער וועלט.

אַקסל נעבן אַקסל האָבן געשפּאַנט רעליגיעזע אידן, מיט באָרד און פאות, וועלכע צוזאַמען מיט יונגע חלוצים און יונגע מיידלעך האָבן געטראָגן סטענגען אויף זייערע גראַציעזע פרויען אַקסלען.

פאַרוים די קעמפנדע האָבן באַגלייט די געשטאַלטן פון די פאַרפּייניקטע אין דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, פון די פּאָגראָמען אין אָדעס און קישינעוו, אשוויענטשים און מאַידאַנעק.

עס האָבן זיך איבערעכנט די אָנגרייפער, שאַצנדיק די געווער פון ישראל לויט דער צאָל ביקסן און קאַנאָנען. זיי האָבן ניט גענומען דעם געוועער פון צאָרן און גייסט. דעם געוועער פון אָנגעצונדענעם פייער אין די אויגן, וועלכע קענען וועלטן ברענען.

דער קאַמף איז געווען שווער און פאַרביסן.

דער שונא האָט ניט נאָכגעלאָזן. וואָס הייסט עס, אז דאָס אַלטע פאָלק ישראל, וואָס איז איבערגעבליבן פאר די לעצטע יאָרהונדערטער געשלאָגן געוואָרן, פון וועמען עס האָט זיך נאָר פאַרגלוסט — זאָל פּלוצלינג אויפוואַכן צום קאַמף פון פאַרטיידיקונג און אָנגריף?

אָבער עס לאַכט דער זיגער. קלינגענדיקע לידער פון גבורה און מוט הילכן אין דער לופטן.

מאָנאַטן פון אומדערמידלעכן קאַמף מאַכן קלאָר דעם שונא, אז דאָ איז עפּעס אַנדערש און ער גיט צו ביסלעך נאָך. מען וויל דאַן פּאָליטיש ווירקן אויף אונז, דורך הבא נתחכמה, אָבער דער גורל פון קריג איז גע'חתמ'עט.

ווי א נייע ליכטיקער פונקט צווישן די אָפּגעשטאַנענע אַראַבישע לענדלעך „אימפּעריעס", האָט זיך איינגעגלידערט דאָס נייע ישראל. ווי א ליכט טורעם אויפן ים פאַר ווייט-גייענדע שיפן, בליצט יש־

ראל פאר דעם נאָענטן מזרח און ציייגט דעם וועג צו פּראָגרעס און מאָדערניזם, צו קולטור און דעמאָקראַטיע. ונהרו אליו כל הגויים, און צו ערשט די שכנות'דיק אָפּגעשטאַנענע אַראַבישע מלוכות. זיי וועלן זיין די ערשטע וואָס וועלן געניסן פון ישראל'ס אויפשטייג.

זייערע עקספּלאָטאַטאָרס און אונטערדריקערס וועלן מוזן אין אָנבליק פון גייסט און קולטור פון ישראל, אויך זייערע פעלקער צו עטוואָס אַנדערש אין לעבן ריכטן...

קומט אויף ישראל אין איר פּראַכט און גלאַנץ, ווי א גלייב־באַרעכטיקטער מיטגליד אין דער משפּחה פון וועלט פעלקער.

לייגן זיך אומגעהויער שווערע אויפגאַבן אויף דער נייער מדינה:

קיבוץ גלויות — צונויפזאַמלען די אונטערדריקטע און היימלאָזע אידן צו ערשט וואו זיי פילן זיך אויסגעוואָרצלט און שאַפן זאָפאָרט עקזיסטענץ מעגלעכקייטן פאר זיי. אויסקריסטאַליזירן דעם געשטאַלט פון דער נייער מדינה, אלס מוסטער לאַנד פון גערעכטיקייט און אָרדענונג.

שאַפן אַלעם פון דאָסניי אַזוי, אַז ווען יעדער וואָס וועט איר זען זאָל זאָגן, מיט אַ געפיל פון רעספּעקט און פאַרוואונדערונג: אָט דאָ איז דער שטאַט פון ישראל!

# מיט דער גריבישער שיף „נעא העלאס"
# קיין איטאליע

איך האָב געזאָגט א זיי געזונט צו קובאנער אידן און מיט דער גריבישער שיף „נעאָ־העלאס" אָפּגעפאָרן קיין איטאליע אויפן וועג נאָך ישראל. איך בין געווען דער איינציקער אידישער פּאסאַזשיר. שוין אויף דער שיף האָב איך געלייענט אין ביולעטין פון די מאָג טעגלעכע נייעס, אז עס איז פּראָקלאמירט געוואָרן די אידישע מדינה און אז די אראבישע מלוכות האָבן אָנגעזאָגט קאמף דעם ניי אנטשטאנענעם יונגן ישראל און אז עגיפּטישע עראָפּלאנען האָבן באָמבאַרדירט תל אביב, וואו עס זענען געווען צענדליקער קרבנות.

איך האָב צום ווייפלטן מאָל געלייענט די נייעס. איך וויים ניט וואָס האָבן געטראכט די איטאַליענישע און אמעריקאנער פּאסאַזשירן וועגן אָט דער נייעס. איך האָב אָבער גלייך געפילט, אז דאָס איז שוין דער קאמף פון ישראל, פאר דער ענטגילטיקער אויסלייזונג. ס'האָט זיך געשפּירט, אז דער מאָמענט האָט געדארפט קומען פריער אָדער שפּעטער.

איך בין געווען שטאָלץ וואָס די שיף דערנענטערט מיך נאָענטער אהין... 12 טעג האָט געדויערט די רייזע.

אין גענוא, איטאליע — האָב איך אָפּגעשטיגן. קיין אַדרעס וואוהין זיך צו ווענדן האָב איך ניט — וועגן איינאָרדענען מיין רייזע ווייטער.

לאָז איך מיך ארוים זוכן די אידישע מלוכה הינטערוועגנס... פון ערפארונג וויים איך, אז די מלוכה עקזיסטירט שוין פון לאנג און אירע „אגענטן" זענען שוין פון פיל צייט טעטיק אין די פּאַרטשטעט, איבערהויפּט אין איטאליע און פראנקרייך.

איך דארף לאנג ניט זוכן און איך געפין דעם „בחור'ל" — דעם אפשר אייביק וואנדערנדיקן שליח, וועלכער האָט שוין וועלכע ניט ארבעט אָפּגעטאָן אין דינסט פון דער אידישער מלוכה. איך דערקען אים גלייך, כאָטש ער פילט אוים אפשר דעם אמת פון אן „אַמ־

באסאדאר" שוין פון דער אידישער מלוכה, — וואָרום ער באוועגט זיך שנעל איבער גרענעצן, ווי ער וואָלט געהאט א דיפּלאָמאטישן פּאס — דאָך איז ער ווייט פון צו אויסזען ווי אזא. גיכער מאכט ער דעם איינדרוק פון שוועבנדן אידישן גייסט, וועלכער וואנדערט פון פּלאץ צו פּלאץ און פּילט אויס זיין געהיימע שליחות פון ראַ־טעווען צום טויט פאר׳משפּט׳ע אין נאצי קאַצעטן; אָרגאניזירט דעם אנטלויפן, צו מאָל אָרגאניזירט ער צום קאמף און אויפברויז. ער פירט אומלעגאל איבער גרענעצן, דורך בערג און טאָלן מחנות אידן א. א. וו. איצט איז ער דער שליח פון „בריחה". ער ע ר ל יי ד י ק ט גרויסע און וויכטיקע אויפגאבן. ער פירט קעמפער איבער גרענעצן צום ציל. ער קויפט געווער, לערנט א חלוציש ליד פארבייגייענדיק, אין א פונקט וואו מען גרייט צו וואָ־לונטירן. וואו עסט ער? — וואו שלאָפט ער? — אָ! לגמרי ניט באַ־זאָרגט און אָן קיין באַאמטן געהאלט. ער איז דאָך ניט דער אָפי־ציעלער דיפּלאָמאַט מיט אַן אָפיציעלן „אמבאסאדאָר" געהאלט. כאַפּט ער דערווייל אַרויס פון קעשענע א שטיקל ברויט מיט זויערע אוגערקע איינגעוויקלט אין א ווייס שטיקל פּאפּיר און לייגט אונ־טער די הארץ. איך כאַפּ מיט אים אַ שמועס. ער מעסט מיך אָפּ מיטן אויג, גיט א שמייכל, פארשרייבט מיך דעם אדרעס וואוהין איך זאָל זיך ווענדן. דאָס איז די שטאָט מילאַן, אויף „וויא אוניאנא" נומער 5.

אָט דער בחור׳ל איז איינער פון די „בריחה" לייט, וועגן וועל־כע די ענגלישע פּרעסע האָט אמאָל געשריבן: אז עס איז דאָ אזא אָרגאניזאציע ביי די אידן פון אייראָפּע, וואָס אירע מיטגלידער באוועגן זיך פראנק און פריי איבער די גרענעצן פון אייראָפּע; פראנק און פריי, וואו זיי ווילן נאָר און פילן אויס געהיימע שלי־חות׳ן פאר מדינת ישראל. יע! דאָס האָט געשטימט.

איך בין אָפּגעפאָרן קיין מילאַן. אויף „וויא אוניאנא" נומער 5. דאָרט קאָנצענטרירט זיך אויך דער פּאלעסטינא אמט און אנדערע ישראל אנשטאַלטן. איך בין צוריק צווישן דער שארית הפליטה.

איך בין אריין אין די צימערן און קאָרידאָרן פון די באראקן און איך דערפיל נאָך אמאָל די אומגעהויערע וויכטיקייט און ראָל, וועלכע די שארית הפליטה שפּילט אין דער לעצטער פאזע פון אנט־

וויקלטן קאמף פאר מלוכה'ישער זעלבסטשטענדיקייט. אלץ אָטעמט דאָ מיט דער ישראל לאגע. לאָזונגען וועגן מאָביליזאציע, וועגן שפענדרונגען, אָפּפערווויליקייט, ריידן צו דער יוגנט פון די לאגערן. און די יוגנט רופט זיך אָפּ. מאסנווייז פאָרן אָפּ יעדן טאָג טראנס־פאָרטן, אין די ספּעציעלע לאגערן צו קורצע מיליטערישע איבונגען און דערנאָך פאָרן זיי זיך שטעלן אין די רייען פון די קעמפער. פון די לאגערן אין דייטשלאנד קומען אויך הונדערטער, טויזנטער יוגנטלעכע, אויסגעשולטע זעלנער, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די לעצטע קאמפ'ס שלאכטן קעגן נאַצי דייטשלאַנד.

דער באַאַמטער פון פּאַלעסטינאַ אַמט — וואו איך טרעף זיך צונויף מיט פיל פרייוויליק געקומענע פון גאָר דער וועלט — שיקט מיך אָפּ אין א לאגער נעבן מילאַן. וואו איך געפין זיך א מאָנאט צייט, מאך דורך איבונגען. פון דעם פּלאַץ גייען אָפּ טראנספּאָרטן קעמפער קיין ישראל דורך לופט און שיף. דאָס איטאַליענישע אידנטום, צווישן וועלכע עס זענען דאָ פיל רייכע אידן, לעבט מיט דעם קאמף פון ישראל ישוב און שיקט פיל פון זיינע זין און טעכ־טער צום קאמף.

כאַראַקטעריסטיש, אז פיל איטאַליענער קומען זיך פארשרייבן אלס וואָלונטירן צו פאָרן קיין ישראל, העלפן די אידן אין קאמף. אין אלגעמיין דארפן מיר געדיינקען, אז די איטאַליענער האָבן ארויסגעוויזן פיל סימפּאַטיע און קאָנקרעטע הילף אין אונ־זער קאמף.

דורך דעם לאגער זענען אדורכגעגאנגען הונדערטער, הונ־דערטער יונגעלייט. אין ישראל איז דאַן אָנגעגאנגען דער קאמף פאר ירושלים. יעדן אָוונט פלעגן מיר זיך צונויפזאמלען ביי דעם ראדיאָ צו הערן די נייעס. די ענגלענדער זענען נאָך אין חיפה. די ראדיאָ סטאַנציעס פון דער וועלט פלעגן מיט פיל סימפּאַטיע איבערגעבן די העלדישקייטן פון די אידישע קעמפער. דער מאָסקווער און פּוילי־שער ראדיאָ פלעגן איבערגעבן אָביעקטיוו די ידיעות. דאקעגן פלעגט לאָנדאָן אין יעדער טראנסמיסיע פאַרויסזען שווארצע „סוף'ן" פון ישראל. עס האָט זיך געפילט זייער „אָביעקטיווער" צוגאנג צו דער זאַך.

מיר האָבן דאָ אדורכגעמאכט איבונגען. יעדן פרימאָרגן פלעגט ארויפגעצויגן ווערן די ווייס בלויע פאָן ביים מיליטערישן פאראד און מיר פלעגן אדורכמאכן איבונגען.

אין דער פרייער צייט פלעגן מיר זיך פארנעמען מיט שמועסן געגעבענע דורך ישראל שליחים, וועלכע פלעגן זיך אפרייסן פון לאנד איבערצוגעבן וועגן דער לאגע ווי זי איז. זיי פלעגן ריידן מיט פיל אפנהארציקייט און הונדערט פראָצענטיקער אמונה אין אונזער נצחון.

אויך האָט מען ניט פארגעסן צו ארייננכאפן א קוק אויף דעם שיינעם איטאליענישן לאנדשאפט, כאָטש עס איז געווען פארבאָטן צו פארלאָזן דעם לאגער. אָבער את חטאתי אני מזכיר היום, מען פלעגט עובר זיין צו מאָל אויף דעם לאו.

# מיט דער שיף „קאַמפּידאָליאָ" קיין חיפה

נאָכן פאַרענדיקן די מיליטער איבונגען און צוגרייטונגען זענען מיר אָפּגעפאָרן אויף דער איטאַליענישער שיף „קאַמפּידאָליאָ" קיין ישראל. 250 עולים זענען מיר געווען, צווישן זיי א העלפט יונגעלייט ספּעציעל צום מיליטער דינסט, די איבעריקע סתם עולים. אין פּאָרט ווענעציא האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף. אויף מיין פּאַספּאָרט האָב איך באַקומען פון די ערשטע אידישע וויזעס. איך דריי דעם פּאַספּאָרט פון מאָל צו מאָל פאַר מיינע אויגן און שמייכל צו. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט דעם קונץ — קלער איך מיר. 7 טעג פאָרן מיר ביז די וואסערן צו ישראל. מיר פאָרן פאַרביי ציפּערן. מיר שטייען אין פּאָרט פאַמאַגוסטאַ, דער הויפּט פּאָרט פון ציפּערן. עס קומט אַרויף צו אונז א שליח פון ישראל, וועלכער וויילט דאָ ביי די אידן פון ציפּערן. מען שמועסט זיך פאַנאַנדער. ער דערציילט, אז דער טאָג איז ניט ווייט ווען די לאגערן דאָ וועלן ליקווידירט ווערן און די עפּאָפּייע ציפּערן וועט פאַרענדיקן איר רומפולן קאַפּיטל. כ'בליק פון ווייטן אויף די בערג פון ציפּערן, וועלכע זענען באַגאָסן מיט די שטראַלן פון דער הייסער ברענענדער זון. ציפּערן! דאָס איז דער סימבאָל פון אונזער קאַמף פאַר ישראל. מיר דוכט זיך, אז איך זע פאַר זיך א פעסטונג, א פאַר־פּאָסטן פאַרן אָנקומען צום ציל, וועלכן די ענגלענדער האָבן געבויט, בכדי ניט צו דערלאָזן די איבערגעבליבענע פון געטאָ און קאַצעט צוצוקומען צו זייער היים. מיט יעדער שיף אומלעגאַלע מעפּילים, וואָס זיי פלעגן אהער שיקן, האָבן זיי זעלבסט זייער פעסטונג געבראָכן. וואָלט אפשר ציפּערן ניט געווען, וואָלטן זיי ארץ ישראל אזוי גיך ניט פאַרשפּילט.

איך קוק אויף ציפּערן. אן אינזל ווי אלע אינזלען. אָבער ניין! מיר דוכט, אז איך זע פאַר מיינע אויגן דעם אויפגייענדן געשטאַלט פון א פאַרפייניקטן אלטן אידן אין באָרד און פאות, וועלכער איינגעוויקלט אין טלית און תפילין שטייט איבער דעם אינזל ציפּערן; נעבן אים דאָס געשטאַלט פון אן אידישער מאַמע מיט אויסגעלאָשענע אויגן און א קאָפּ גרויע האָר. זיי האלטן אויסגעשטרעקט די הענט, צעשפּרייט, רופנדיק און צונויפקלייבנדיק דאָ דעם קיבוץ גלויות פון

די פארבליבענע, פון די פארפייניקטע, בכדי דערנאָך פון דאנען צו שטורעמען די ישראל ברעגן.

עס האָבן זיך אהער קיין ציפערן געקליבן די שארית הפליטה. אין געצעלטן אונטער דער ברענענדער זון האָבן זיך אָרגאניזירט די פאָלקן און בריגאדעס, פארמירטע פון פיין און צרות, וועלכע האָבן געשמאָבן די אויגן פון די ענגלענדער און דער וועלט. מאָנענדיק אָן אויפהער: א היים קומט אונז!!!

ציפערן! איך קוק און טראכט. אן אייביקער בונד איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דיר מיט פאָלק ישראל. ציפערן דארף דורך דער ישראל רעגירונג און פאָלק ישראל ווי א הייליקער פאר אונז אינזל איינגעשריבן ווערן אין דער היסטאָריע. די באפעלקערונג פון ציפערן, די אָרטיקע גריכן, האָבן זיך מיט פיל סימפאטיע באצויגן צו די אידן אין די לאגערן. ריכטיק איז געווען דער שריט פון דער ישראל רעגירונג צו איבערשיקן געלט פאר א קינדער גאָרטן לטובת די אָרטיקע קינדער אלס אויסדרוק פון אנערקענונג און סימפאטיע פאר דער ציפערן באפעלקערונג.

פון פאמאגוסטא פאָרן מיר אָפּ דירעקט צו די ישראל ברעגן. די נאכט פארן אָנקומען צו די ברעגן פון חיפה, האָבן די פאסאזשירן נישט געשלאָפן. מען וויל נישט פארזאמען צו זען די ערשטע קאנטורן פון דער אבות אבותינו לאנד.

פרימאָרגן! די זון שווימט אָרויף פון איר שקיעה דורך גרויסע רויטע פייער פאסן, וועלכע האָבן זיך צעלייגט איבערן מזרח. בלויע און פולע וואָלקן פאסן פלעכטן אדורך די רויטע אויפשיינונגען. די נאכט טרעט אָפּ איר הערשאפט צום אויפגייענדיקן טאָג. דער ים איז כוואליעדיק און די שיף אונזערע שניידט דעם וואסער פלאך דירעקט צום ציל. פון ווייטנס אנטפלעקן זיך די בערג פון לבנון. הייסט עס מיר פאלן אריין אין די געגנטן פון די היסטאָרישע ערטער אויפן ערד קוגל.

איך שווים אוועק מיט די געדאנקען צו די קינדער יאָרן, ווען דער פאָטער ע"ה פלעגט שבת נאָכמיטאָג, מיט מיך לערנען די סדרה פון דער וואָך. דאן פלעגסטו מיט בייגקשאפט און פאר'חלום'טקייט קלערן וועגן די היסטאָרישע ערטער פון אונזער לאנד. אלעס — האָט זיך געדוכט דאן — איז דאָרט איינגעוויקלט אין מיסטעריע.

מיר דערנענטערן זיך צו חיפה, צום פענסטער פון דער אידי־שער מלוכה אין זייט פון ים. א מאטראָז פון דער איטאַליענישער שיף מאַנשאַפט ציט אַרויף די ווייס בלויע פאָן. וואָס פאַרא הערלע־כער מאָמענט. עס דוכט מיך ווי אין דער לופטן קלינגען די ווערטער: היום היות לעם. דער ים ווינטל גיט א כאַפּ די אַרויפגעצויגענע ווייס בלויע פאָן און ציט איר אויס אין איר לענג און ברייט. אַזוי איז עס! דער ים געזעץ פון אינטערנאַציאָנאַלן שיף פאַרקער, פאַרפליכ־טעט פון היינט אָן אַלע שיפן, וועלכע קומען אָן קיין ישראל אַרויפ־צוציען די פאָן פון ישראל. און די פאָן, וועלכע איז געווען אין צייט פון מלחמה יאָרן ביי נאַצי דייטשלאַנד, אַלס באַצייכענונג פון דער־נידעריקונג און שפּאָט פאַרן אידישן פאָלק, וועט פון איצט אָן ווי א גלייכבאַרעכטיקטע זיך איינגלידערן אין דער פאָנען משפחה פון וועלט פעלקער.

איך קוק אויף דער פלאַטערנדער פאָן און דערמאָן מיך הערצל׳ס וויזיע: אונזער פאָן — זאָגט ער — וועט זיין א ווייס בלויע מיט 7 גאָלדערנע שטערן, וואָס וועלן באַצייכענען דעם 7 שעה׳דיקן אַר־בעטס טאָג, ווייל דורך אַרבעט וועט דער אידישער פאָלק זיך אומ־קערן צו זיין היים.

קיין 7 שטערנס זע איך ניט אויף דעם פאָן, אָבער דורך אַרבעט פון די דורות בילו׳צעס און דורות חלוצים, זענען מיר דערגאַנגען צום מאָמענט פון זען איצט פלאַטערן אויף דער איטאַליענישער שיף די אידישע פאָן.

די ברעגן פון חיפה היטן פּאַטראָל שיפן פון דער יו־ען קאָנטראָל. עס איז די צייט נאָך דער ערשטער הפוגה. אונזער שיף שטעלט זיך אָפּ ווייט פון ברעג און צו אונז שווימט צו אויף א שיפל די קאָנטראָל פון „יו־ען". אין קורצע כאַקי הייזעלעך, מיט גרינע לענטעס מיטן עמבלעם פון „יו־ען", קומען אַרויף די באַאַמטע, זיי בעלי בית׳עווען אביסל. פאַרפאַלן מען מוז פאָלגן. מיר זענען לאָ־יאַל, כאָטש אין האַרצן קלערט זיך: די צייט וועט שוין מאַכן אויס אייער אַריינמישונג און די ראָד פון דער היסטאָריע וועט איר שוין ניט דרייען צוריק.

נאָכן ערליידיקן די פאָרמאַליטעטן פאַראַנקערט אונזער שיף ביים ברעג. ס׳איז דער צווייטער טאָג ווי די ענגלענדער האָבן פאַר־לאָזט חיפה. די שטאָט איז איבערגענומען דורך דער מיליטער מאַכט.

ביים ברעג שטייען אידישע סאָלדאַטן, פּאָרט ארבעטער און סתם מענטשן. די עולים פון שיף זינגען „התקוה", די מענטשן פון ברעג זינגען מיט און די קלאַנגען פון געזאַנג פאַרייניקן זיך צוזאַמען. די זעלנער ענלעך נאָך צו פּאַרטיזאַנען גרופּן, וועד מיט א ביקס, וועד מיט א מאַשין געווער און גראַנאַט אין האַנט, שטייען מיליטעריש שטייף אויסגעצויגן. און עס טראָגט זיך דער עכאָ פון געזאַנג און ליינט זיך ווי א ת פ י ל ה צו די ברעגן פון דער ארץ ישראל'דיקער ערד.

א דאָקטאָר שטעלט אינפונג אַלע פּאַסאַזשירן. האָבן פיל מאַ־מעס אויס געוואוינהייט נאָך פון דער היים, זיך געפּרואווט קעגנ־שטעלן און בעטן ניט צו קראַצן די לייב ביי זייערע קינדער'ס הענט־לעך. די דאָקטאָרין זאָגט שטרייננ: עס איז געזונט און דאָס איז פאַר דעם קינד'ס טובה וועגן — ביטע שטערט ניט און נעמט ניט צו קיין צייט. די פרויען קוקן זיך איבער און גיבן תיכף נאָך...

אויף דעם ארויפגאַנגס לייטער צום שיף, ביי דעם אריינגאַנג, שטייט אַן אידישער פּאָליציאַנט. ניט ארויף און ניט אראָפּ. די יו־ען פאַרשטייער, צוזאַמען מיט אידישע ים אָפיצערן פון דער גרענעץ וואַך קאָנטראָלירן די פּעסער. פון די פּאַסאַזשירן, מיליטער פּייאיקע צום דינסט, ווערן די פּעסער צוגענומען. זיי מוזן גיין אין א ספּע־ציעלן קאָנטראָל לאַגער, ווייל אַזוי איז לויטן געזעץ נאָך דער ער־שטער „הפוגה", — שטילשטאַנד. ערלייזדיקט די קאָנטראָל לאָדט מען אויס דעם באַגאַזש וועלכער ווערט דערנאָך קאָנטראָלירט דורך דעם צאָל אַמט. מען נעמט ביי קיינעם קיין אָפּצאָל ניט, אָבער געזעץ איז געזעץ, מען דאַרף אַדורכקוקן.

כ'זע, אז אַלעס קלאַפּט נאָרמאַל און ס'טוט הנאה. מיר זעצן זיך אַריין אין אויטאָבוסן און פאָרן אָפּ נאָך דעם בית עולים פון אגרובנק נעבן חדרה, וואָס ליגט צווישן חיפה און תל אביב. די אויטאָבוסן לויפן געשווינד און עס פליען פאַרביי הייזער, גאַסן, פעלדער, שאָסייען און גרינע יונגע וועלדער. איך זוך צו געפינען מיט די אויגן דעם מדבר פון אונזער לאַנד, אָבער איך זע ארום בלויז שטראָמנדן לעבן. אלע שווייגן, מען קוקט דורך די פענסטער פון אוי־טאָבוס און יעדערער איז פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. דער וועג

איז פול מיט פארבאריקאדירונגען און שטעכל דראָט פארצוימונגען. אָפּט, זייער אָפּט מיליטער פּאָסטנס. מען שטעלט אָפּ. מען רעווי־דירט. ווער? וואוהין? וויפל און וואָס מען פירט? ערליידיקט, אלעם אין אָרדענונג, שלום! מיר פאָרן דורך די ערשטע דערפער וואָס ליגן צווישן חיפה און חדרה, וואו עס וואוינען אראבישע תושבים. נידע־ריקע פארלאָזענע הייזקעס, נעבן זיי אראבער, וועלכע באגלייטן יעדע באוועגונג אויף דעם שאָסיי מיט אומרו און נייגער. דער אויטאָ פאָרט אריין אין בית עולים און מען קוואַרטירט אונז איין יעדן אויף זיין פלאץ.

# אין בית עולים אין חדרה

ווען עס פאלט צו דער פארנאכט גייט מען ארויס באקוקן יש־ראל. יעדע קלייניקייט וואס איך זע און יעדער שפאן ערד וואס איך באטרעט, מאכט מיך פילן, אז איך בין אין ישראל.

און איז ד ע ן נ י ט א ז ו י ? אין אלגעמיין גענו־מען, איז דאך די זון די זעלבע, די ערד די זעלבע, דער ים דער זעל־בער ווי אין דער גארער וועלט, וואו עס איז אויסגעקומען צו זיין. אבער — עס פילט זיך עפעס גאר אנדערש אין לאנד ישראל, פארט דאס לאנד פון אבות אבותינו, פארט דאס ל א נ ד פון אברהם, יצחק און יעקב.

די מענטשן זיצן שטיל און פארטראכט, זעען אויס צו זיין אויסגעמאטערט, אבער א גליקזעליקייט ליגט אויף זייערע פנימער. זיי מאכן איצט דעם ענטגילטיקן חשבון הנפש נאך זייער אזוי לאנגן קאמף מיטן אייגענעם גורל. און איך ווייס, עס וועט ניט נעמען לאנג, ווי די מענטשן וועלן אויפהויבן זייערע אויגן, וועלן באקוקן אלעס ארום און א פרייד וועט ב א ה ע ר ש ן זייערע נשמות. זיי וועלן דאן אנהויבן דעם קאמף פאר איינווארצלען זיך אין ישראל לעבן.

ווייסטו לאנד מיינס, ווער עס זיצט איצט צו פוסנס פון דיין בית עולים אין חדרה?

ווייסטו לאנד מיינס, ווער זענען דיינע געסט די איצט צוגעקומענע?

איבערגעבליבענע פון שפאט און פון חוזק, אויסגעלאכטע און אויסגעקוועטשטע פון אלע זאפטן פון לעבן און וועלכע האבן דאך בייגעשטייערט דעם גרעסטן און דעם דעציזידירנדיקסטן חלק אין קאמף פארן אידישן שטאט. איז נעם זשע זיי אויף אין דיינע ארעמס, ווארעם זיי און טרייסט זיי. ג י ס אריין האפענונג און לעבן אין זייערע הערצער און אויגן. זאפ זיי איין אין זיך — אויב דו בינסט היילינג — ווייל דאס זענען דאך דיינע קינדער. נעם זיי אריין אין דיין שויס און גלעט זייערע מידע קעפ. די בוימער ארום האבן

זיך שטיל באוועגט און עס האט זיך געדוכט ווי זיי שושקען זיך איבערן סוד און גורל פון די נײַ אַנגעקומענע. און אוועקטראַגנדיק די נײַעס צום הארץ פון לאנד, האָבן זיי אוועקגעלייגט, צו פוסנס פון ישראל רעגירונג די ידיעה, אז נײַע עולים צווישן זיי א העלפט יונגע פאַרן פראַנט, זענען אַנגעקומען. די סטאַטיסטיק האָט פאַר־צייכנט דעם אַנקום, די צאָל נײַע צימערן, וועלכע מען דאַרף בויען און די צאָל פון די איבעריקע פאַרזאָרגונגען פאר אָט די מענטשן איז צוגעקומען צום צאָל פון די תיכפ׳דיקע פליכטן.

פרימאָרגן אין בית עולים!

די זון גייט אויף העל און רויט. די קאָלאָניעס שטייען אויף צום לעבן. די עולים קוקן זיך ארום און דערזעען די ישראל ווירקלעכקייט. שיינע דערפער און שטעטלעך אייגעטונקט אין גרינס צעלייגן זיך ארום. עס הערן זיך קוואַקערייען פון הינער, אייזלען שרייען, בהמות מרוקען. אויפן שאָסיי פאָרן פויערים — מיט וועגע־נער געשפּאַנט אין 2 פערד. אויף דער קעלניע זיצט די פרוי און קינד פון פויער. ער זעט אויס, ווי דער פויער, דער „גוי“, וואָס פלעגט פאָרן אמאָל אין גויאישן דאָרף. אָבער דאָ איז דער „גוי“ אַן אידי־שער פויער. א גוטער איד, מיט א לאנגע באָרד, פאָרט אויף אַן אייזעלע. ער האָט ניט מורא, ער ציטערט ניט, ער איז אָפּגעברענט פון דער זון, אָבער פרום ווי אין גלות. עס קומען אין לאגער אויף דער אַדמיניסטראַטיווער ארבעט אידישע פרויען מיט זייערע טעכטער, וועלכע טראָגן קורצע הייזעלעך און זענען אָפּגעברענט פון דער זון. זיי מאכן דאָ די „פּראָסטע“ ארבעט, וועלכע עס פלעגן מאכן „גויים“ אמאָל אין אונזערע היימען. די עולים באַקוקן ארום דעם לעבן. אָט איז אַ מנין אין א געצעלט געשאַפן, מען כאַפּט אריין אַ שחרית, מען זאָגט מה טובו אהליך יעקב, מען בליקט אויף די קאָלאָניעס אַרום. יע, עס שטימט. ותחזינה עינינו לציון ברחמים, איז אָט איז מען דאָך שוין אין ציון, אָבער עס איז מלחמה, צעגייט מען זיך אין דבקות פאר אונזער נצחון. אין א צווייטן געצעלט האָט א יונגערמאַן ארויס־גענומען אַ פידל, שפּילט אוים זיין טרויער און פרייד אויף די סטרו־נעס פון זיין אינסטרומענט. א יונג מיידל מיט פעך שווארצע האָר, מיט אַ שיינקייט פון אַן אידישער נאַציאָנאַלער אסתר אָדער רחל, זינגט מיין שטעטעלע בעלז... און פארענדיקט מיט דער ליד פון כנרת.

אויטאָס באַוועגן זיך אין לאַגער הין און צוריק צעפּירנדיק יעדן מאָל די געקומענע עולים, צו זייערע פּלעצער צום וואוינען.

די ערשטע הפוגה — שטילשטאַנד אויף די פראָנטן האָט זיך נאָך געצויגן אַ 10 טעג. מיר — די יונגע מיליטער פּייאַיקע זיצן דער־ווייל אין לאַגער. מען טאָר דעם לאַגער ניט פאַרלאָזן, אַזוי האָט פאַראָרדנט דער שוועדישער גראַף בערנאַדאָט. דאָך ווי זיצט מען איין, ווען אין קרית חיים נעבן חיפה, אַנדערהאַלבן שעה רייזע פון פּלאַץ וואו איך בין, געפינט זיך אַ שוועסטער, וועלכע איך האָב ניט געזען 15 יאָר. קלער איך מיר: אַך דו גראַף בערנאַדאָט, געוויס שיק־סטו צו דיין פאַמיליע יעדן טאָג טעלעגראַמעס און פרעגסט וואָס מאַכן זיי און מיך ווילסטו ניט לאָזן פאָרן זען אַ שוועסטער, וועלכער איך האָב אַזוי לאַנג ניט געזען.

# מיט אַ „טרעמפּ" קיין קרית חיים

איך קוק מיך ארום: קיין שטעכל עלעקטרישע דראָטן זענען אַרום לאַגער ניטאָ, קיין מאַשין געווער היטן ניט אָפּ דעם אַרויסגאַנג פון לאַגער. באַשלים איך זיך אַראָפּכאַפּן אויף עטלעכע שעה נאָך קרית חיים. איך כאַפּ זיך אַריין נאָך חדרה, פון וואַנען איך פאָר מיט אַ „טרעמפּ" נאָך חיפה. איר ווייסט געווים ניט וואָס איז דאָס אַ „טרעמפּ". אין ישראל איז עס פּאָפּולער. אויף די שאָסייען — איבערהויפּט אין צייט פון קריג — פּלעגן אַלע לאַסט וואָגנס און טעקסים אָפּגעשטעלט ווערן, בכדי צו צונויפזאַמלען די פּאַסאַזשירן און אָפּפירן זיי בחינם צו זייער פּלאַץ, ווייל די הויפּט טראַנספּאָרט מיטלען זענען געווען מאָביליזירט פאַר דער אַרמיי. איז פאָרן מיט אזא לאַסט וואָגן, הייסט כאַפּן אַ פאָר מיט אַ „טרעמפּ". פאַרבייגייענדיק כאַפּ איך מיך אַריין אין חדרה אין אַ געשעפט וואו די אינהאַבערן איז אַ עלטערע אידישע פרוי, צו קויפן אַ פּאָר קורצע כאַקי הויזעלעך. אַז מען וויל ווערן אַן עכטער ישראל בירגער, מוז מען אָנטאָן אַ פּאָר קורצע כאַקי הויזעלעך. די פרוי כאַפּט מיט מיך אַ שמועס. פאַראינטערעסירט זיך פון וואַנען איך קום. ווען זי הערט, אַז פון קובא געקומען פרייוויליק צו דער אַרמיי, שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן. זי דערציילט, אַז זי האָט שוין באַוויזן צו אָוועקגעבן איר איין און איינציקן זון אויפן מזבח פאַרן פרייהייטס קאַמף, אָבער — פאַרענדיקט זי — דאָס איז אַ נויטווענדיקייט און איך בין שטאָלץ אויף דעם. גיך האָבן די פאַרגלעזערטע אויגן ביי איר אָנגענומען דעם נאָרמאַלן קוק. איך האָב געזען פאַר זיך אַ טיפּ אידישע פרוי און איך האָב זיך צונויפגעטראָפן מיט דער ארץ ישראל'דיקער ווירקלעכקייט.

מיטן „טרעמפּ" פאָר איך קיין חיפה. דער שאָסיי איז גלאַטיק. עס פליען פאַרביי פייסאַזשן פון ישראל'דיקער לאַנדשאַפט: הייזער, בוימער, גרינס, פעלדער, דערפער, שטעטלעך און די אויג כאַפּט אַלעס אויף פון רעכטס און לינקס. אויף יעדע צענדליק קילאָמעטער, ביידלעך, קרעמלעך, וואו מען כאַפּט אַן איבערביים, אַ קאַלטן טרונק, אָדער סתם אַ זיץ צום אָפּפרישן זיך. עס דוכט זיך ווי די

פלעצער זענען געאָרדנט צוליב דעם וואויל פון אדורכרייזנדן. די „טרעמפּיסטן“, זענען נייע עולים פון גאָר דער וועלט... און באַקוקן אַלעס מיט נייגער אַרום. זיי ווענדן זיך אָפט צו מיך מיט פראַגן, איך פאַרשטיי, אַז זיי דיינקען דאָס איך בין אַ ישראל׳דיקער, אפשר צוליב מיינע קורצע כּאַקי הויזעלעך, וועלכע איך טראָג שוין. איך ערקלער זיי, אַז איך בין אַזוי „גרין“ ווי זיי און פאַרזיכער זיי, אַז מיט דער צייט וועלן מיר כאַפּן דעם שניט און וועלן זיך „אויסגרינען“. בפרט איז עס גרינג איצט, ווען עס איז מלחמה און יעדערן ווערט געגעבן אַזאַ מעגלעכקייט. דער אויטאָבוס דערנענטערט זיך צו חיפה. מיר פאָרן פאַרביי ענגלישע מאַטעריאַל סקלאַדן, וועלכע ציען זיך קילאָמעטערס ווייט. איך קוק און איך קלער: מילא קיין רעה האָבן די ענגלענדער אונז ניט געטאָן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן אַזעלכע ריזן געביידעס. ווי שטייט אין דער מגילה: וגם חרבונה זכור לטוב... מיר פאָרן לענג אויס דעם ברעג פון ים, וועלכער איז שוימיק און שווינקט מיט בייזקייט די ברעגן.

דער אויטאָבוס „טרעמפּ“ פירט אונז אריין אין חיפה. עס איז ערשט אייניקע טעג נאָך דעם ווי די ענגלענדער זענען אַרויס. די אַראַבער האָבן אויך פאַרלאָזט די שטאָט. ווי שטייט עס דאָרט: עס איז געפאַלן אויף זיי אַ פּחד... און ממש טאַקע אַ פּחד. זיי זענען געלאָפן מאסנווייז דורך יבשה און ים, איבערלאָזנדיק אַלעס אויף גאָטס באַראָט. די אידן וואָלטן זיי קיינמאָל ניט אַרויסגעטריבן, אַז זיי האָבן אָבער געפאָלגט זייער „גוטן“ פריינט, די ענגלענדער, צו פאַרלאָזן חיפה, יפו און נאָך אַנדערע פּלעצער, האָבן די אידן גאָרניט געקענט העלפן דערצו... מיר וועלן שנעל באַזעצן חיפה און איר מאַכן ריין אידיש... זאָגט מיך אַ חיפה׳ער איד. דער פּאָרט אין חיפה מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסן מאָדערן טעכניש גוט איינגעאָרדנטן פּאָרט. ער איז דער גרעסטער אויף דעם מיטעלן מזרח. ריזיקע סקלאַדן ציען זיך לענג אויס דעם ברעג. פילע, פילע קאָמפּאַניעס האָבן דאָ זייערע פאַרטרעטערשאַפטן. שיפן פון גרעסטן טאָנאַזש קענען אַנקערן דאָ. ריזן וואַרשטאַטן פאַר שיף פאַרריכטונג. ספּעציעלע באַן ליניעס גייען אַריין אין פּאָרט צום אַריינפירן און אַפּפירן סחורות. די אונטערשטע טייל שטאָט איז אין צושטאַנד פון כאַאָס, די מיליטער מאַכט האָט דאָ איבערגענומען דעם אויפזיכט

איבער די פוסטע הייזער. נאָך די הייזער איז קענטיק, אז די אראַ־בער האָט זיך דאָ ניט שלעכט געלעבט.

עס דערציילט מיך א חיפה'ער איד מיט וואָס פארא פּאראַד די ענגלענדער זענען ארויס פון חיפה. דער הויפט קאָמענדאַנט פון חיפה'ער גאַרניזאָן האָט אין וואַרעמע ווערטער געזעגנט חיפה און געזאָגט, אז ער לאָזט איבער די בעסטע עראַינערונגען פון זיין, זיין דאָ. און מען קען זיי גלויבן: זיי האָט זיך ניט שלעכט געלעבט אין ישראל... מען האָט באוויזן צו קאליע מאכן אביסל שים כלים ביי די ענגלענדער, מען זאָל זיי ניט קענען לאדן אין טראנספּאָרט פאַר ארויספירן. דאָס איז דערנאָך צונוץ געקומען.

דער אויטאָבוס פירט אונז קיין קרית חיים ארלזורוב, וועלכע ליגט כמעט צוזאמענגעגאָסן מיט קרית מוצקין און קרית ביאליק. מיר פאָרן פארביי די רעפיינעריעס, וואו ערשט ניט לאַנג איז געווען די גרויזאמע שחיטה פון די אראבישע ארבעטער איבער זייערע אי־דישע חברים. ווייטער ציט זיך דער מפרץ חיפה, דער „מאנטשעסטער" פון ישראל. דאָ זענען פאראַן פאבריקן פון מאשינען געבוי, שיפן גע־בוי, גלאָז, קינסטלעכע אייז, שמן און אנדערע. לענג אוים דעם שאָסיי פון ביידע זייטן ציען זיך די פאבריקן מיט זייערע הויכע קוימענס, וועל־כע רויכערן אָן אויפהער. עס ציען זיך אויך גרויסע פעלדער, פוסטע נאָך, וואו עס וועלן אויפגעשטעלט ווערן מיט דער צייט גרויסע פאב־ריקן און געביידעס. מיר דערנענטערן זיך צו קרית חיים. מיר פאָרן אדורך די פּאָליציי סטאַנציע. די פּאָליציי סטאַנציעס אין ישראל זענען ניט סתם קיין געביידעס. די ענגלענדער האָבן ניט געזשאַלע־וועט בויען אין יעדן קלענסטן פונקט, שוין אָפּגערעדט פון די גרעסערע פונקטן, פּאָליציי סטאַנציעס, וואָס זענען ענלעך צו פעסטונגען. שיינע געביידעס מיט פיל צימערן, מיט אָבסערוואציע טורעמס, ראדיאָ סטאַנ־ציעס, פּאָזיציעס צום פארטיידיקן זיך, א. ד. ג. איצט וועלן זיי אונז גאנץ גוט צונוץ קומען. פארפאלן — קלער איך מיר — מען וועט דארפן דעם ענגלענדער אָפּט צום גוטן דערמאָנען.

# אין „קרית חיים“ ביי דער שוועסטער

קרית חיים איז שיין און אידיליש. זי טונקט זיך אין גאנצן אין גרינס. אזוי ווי איך ווייס ניט דעם אדרעס פון מיין שוועסטער, נעם איך ארויס די פאָטאָגראַפיע פון איר פאַמיליע און ווייז א מיטפאָרע־רין אין אויטאָבוס. וועלכע זאָגט מיך גלייך דעם אדרעס, ווייל זיי האָבן אמאָל צוזאמען געארבעט אין א פאבריק.

איך קום אָן צו זייער הויז. דער שוואָגער באגיסט פונקט די יונגע בוימעלעך נעבן שטוב. איך שטעל זיך פאָר ווער איך בין און צעקוש זיך מיט אים.

אויף דעם הויף, אין זאמד, לויפט ארום א מיידעלע פון א יאָר 5. איך פארשטיי, אז דאָס איז מיין פלימעניצקע. הייסן הייסט זי מלכה'לע, א סאבּרעלע און איז גאָר מיוחס'דיק ביי זיך. וויל זי צו ערשט וויסן ווער איך בין, דאן נעמט זי מיך פאר דער האנט, פירט מיך צו איר „אמה'לע“. דאָ ערשט קומט די עכטע באגעג־עניש. 15 יאָר זיך ניט געזען... ווען דער ערשטער איינדרוק איז פאר־ביי, ווייזט זי מיך איר רכוש: צו ערשט די צוויי מיידעלעך, סאבּראַ־לאַך. איך פארשטיי, אז דאָס איז דער הויפּט רכוש. איך זע, אז איך האָב זיך מיט זיי ניט גענארט און עס איז אפילו צוליב דעם אליין כדאי געווען צו קומען. דאן ווייזט זי מיך איר שטיבל, ארום וועל־כער ס'וואקסן בלומען און גראָז מיט יונגע בוימעלעך. דאָ איז נאָך א פרישע שכונה, געצויגן פון קרית חיים ביז צום ים כמעט. זי דערציילט מיך, אז דער מאַן ארבעט אין די רעפּיינערייעס און איז על פּי נס ני־צול געוואָרן פון דער שחיטה, וועלכע די אראַבער האָבן דאָרט דורכ־געפירט.

דער שוואָגער האָט מיך דערציילט: עס איז געווען א נאָרמאַלער ארבעטס טאָג — פּלוצלינג האָבן די אראבישע ארבעטער זיך געוואָרפן אויף זייערע אידישע חברים און מיט אויסגעשרייען: „אויסקוילענען די אידן“ האָבן זיי אָנגעהויבן מאָרדן. זיי זענען געווען פיל, באוואָפנט און די פארטיידיקונג איז געווען אויסזיכטלאָז.

זיי האָבן אויסגעקוילעט טעלעכע, דערציילט מיך דער שוואָגער — איך האָב מיט נאָך א חבר ארויפגעקלעטערט אויף א בוידעם.

מיטנעמענדיק א שטאַבע אייזן אויף יעדן פאַל און אַזוי על פּי נס זענען מיר ניצול געוואָרן.

די שוועסטער וועלט מיך אויף אירע סאַבראַלאַך; זייער זכות איז ווייזט אוים בייגעשטאַנען.

נאָכמיטאָק האָב איך געהאָלפן בויען אויפן הויף א באַשיצונגס גראָבן קעגן באָמבאַרדירונגען. יעדע 2-3 שכנים פּלעגן בויען א „מקלט" — באַשיצונגס גראָבן קעגן באָמבאַרדירונגען.

עס דערמאָנען זיך די טעג פון מלחמה מיט דעם דייטש אין פּוילן, ווען איך בין געווען א זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי. עס דער־מאָנט זיך די מלחמה קעגן דייטש אין 1941, ווען איך בין אין דער רו־סישער אַרמיי. באָמבאַרדירונגען, קרבנות, הונגער, קעלט. אך! טראַכט איך מיך: ווייזט אוים עס איז שוין דער שטייגער פון דער וועלט צו מלחמה'ווען. מילא, זאָלן מיר אַריינטראָגן איצט אונזער קוילן שיסע־ריי אין געראַנגל פון די מלחמות און לאָמיר עפּעס פאַר זיך אויס־קעמפן. אז פעלקער וועלן באַשליסן אייביקן שלום, וועלן מיר געווים זיין פון די וואָס וועלן צושטימען מיט גרוים צופרידנהייט.

איך בליק אַרוים פון פענסטער און איך זע פאַר זיך די נייע שכונה פון קרית חיים, וועלכע ציט זיך צום ים. נידעריקע, מאָדערנע הייזקעם ציען זיך אין לאַנגע שורות, אַרום אין זאַמד. דאָ איז א ניי געגרינדעטע שכונה, וועלכע ברייטערט אוים קרית חיים צום ים. נעבן יעדן הויז פאַרזעצטע בוימעלעך, בלומען און גרינס, וואָס עס זוערט זאָרגפעליק געפּלעגט. אלעם ווערט דאָ לאַנגזאַם געפּלאַנצט און איינגעוואָרצלט, ווייל די איינוואוינער זענען פּועלים, וועלכע קע־נען זיך ניט ערלויבן מיט איין מאָל פיל. יעדן יאָר קומט צו א בוימע־לע, א גרעזעלע, אביסל גרינס. עס וועלן אַוועקגיין יאָרן און די זאַמדן וועלן פאַרשווינדן און די נייע שכונה וועט זיך טונקען אין גרינס, פּונקט ווי עס טונקט זיך אין גרינס די אַלטע קרית חיים.

כ'האָב דערזען די ישראל ווירקלעכקייט, ווי אַזוי דאָס לאַנד בויט זיך און ווי אַזוי מען וואָרצלט זיך איין דורך שוויים און אַרבעט, דורך עקשנות און ליבשאַפט צום באָדן און צום שווערן לעבן אַרום. איך האָב מיט ספּעציפישן אַפּשיי געקוקט צו די מענטשן אַרום, צו זייער שכונה און צו זייער שאַפן.

נאָך דעם ווי איך האָב פאַרבראַכט א קורצע צייט מיט מיין פאַ־מיליע, פאָר איך צוריק נאָך חדרה. אויף דעם וועג כאַפּ איך זיך אַראָפּ

אין קיבוץ יגור, וועלכער איז איינער פון די עלטסטע און גרעסטע קיבוצים פון קיבוץ המאוחד. איך וויל דאָ אַפּזוכן מיין לאַנדסמאַנקע די העלדין פון וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד, צביה לובעטקין.

איך טרעף צביה'ן אַרבעטנדיק אין לול ביי די הינער. זי איז אָנגעטאָן אין קורצע הייזעלעך, פאַרשוויצט און אַריינגעטאָן מיט אַזאַ התמדה אין דער אַרבעט, אַז זי באַמערקט מיך ניט. ווען איך שטיי נעבן איר אַ שפּאַר ביסל צייט. דער לול איז פול מיט ווייסע הינדעלעך, וועלכע שרייען און קוואַקטשען אָן אויפהער. איך קוק אויף צביה'ן און קלער: איך געדיינק זי נאָך פון דער היים, ווען זי איז געקומען זיך פאַרשרייבן אין סניף „החלוץ", וואו איך בין דאַן געווען מזכיר. וואָס פאַרא העראָאישן וועג זי האָט אַדורכגעמאַכט נאָך איר אַפּפאָרן אויף הכשרה! קומענדיק קיין ישראל האָט איר דער ישוב אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם. געוויס האָט זי געקענט פּריוואַט זיך גוט איינאָרדענען. מען וואָלט איר געגעבן די מעגלעכקייטן דערצו. לעבט אָבער צביה אין קיבוץ יגור און מאַכט דאָ אַדורך די פיזישע הכשרה פון הארבן ארץ ישראל לעבן, בכדי שפּעטער זיך שטעלן מיט איר מאַן אַנטעק בראש פון דעם ניי געגרינדעטן קיבוץ אויף דעם נאָמען פון די לוחמי הגיטאות — די קעמפער פון געטאָס. און די איראָניע פון גורל האָט געוואָלט, אַז גראַדע דער קיבוץ זאָל געגרינדעט ווערן אויף ערד, וואו עס איז פריער געווען אַ דייטשישע קאָלאָניע...

איך שמועס זיך פאַנאַנדער מיט צביה'ן וועגן אוועקגעגאַנגענע טעג און יאָרן. אַזוי ווי די הינער קוואַקטשען און רופן איר צו זיך, מוזן מיר אונזער שמועס פאַרקירצן און ביי אַ געלעגנהייט זאָג איך צו אַראָפּכאַפּן זיך נאָך אַמאָל קיין יגור.

פון יגור פאָר איך צוריק נאָך חדרה אין בית עולים פון אגרובנק, וואו איך בין נאָך אַפּ עטלעכע טעג. אין דער צייט ענדיקט זיך די הפוגה, צייטווייליקער שטילשטאַנד. אויס מיט דעם זיצן אין בית עולים. די „אָנו" קאָנטראָלאָרן האָבן שוין מער דאָ ניט וואָס צו זאָגן. מען שטעלט זיך אין ריי צום ערליידיקן די פאָרמאַליטעטן. יעדערער קריגט די ערשטע פּאָר פונט, מען גיט צוריק די קאָלדרעס, מיט די בעט צייג, מען לאָדט זיך אויף אויטאָבוסן און מען פאָרט אין מיליטער לאַגער.

# אין מיליטער לאַגער פון בית-ליד

מיר קומען אָן קיין בית־ליד וואָס איז נעבן נתניה, ניט ווייט פון תל אביב. בית־ליד איז געווען פאַר די ענגלישע צייטן אַ גרויסער מי־ליטער לאַגער. איצט איז דאָ אַ מאָביליזיר פונקט, וואו מען גייט אדורך די ערשטע מאָביליזאַציע פאָרמאַליטעטן. ביי לאַנגע טישן זיצן דאָקטוירים און מען שטעלט זיך צום „פריזיוו", ווי אַמאָל אין די היימען, ווען מען איז צוגענומען געוואָרן אין מיליטער דינסט.

אַמאָל האָט די שטעטל באַגלייט מיט טרערן און האַרץ קלעמע־ניש אַ זון, וועלכער איז אָפּגעפאָרן דינען דעם קייסער. איצט קומט פאַר עפּעס אַנדערש. אידישע בחורים און מיידלעך, פרייוויליק, מיט פרייד אויף די פּנימ'ער, מיט האַרבער אַנטשלאָסנקייט און מיט שטאָלץ אין די אויגן, גייען אַדורך די פּראָצעדור פון צושטעלן זיך צום דינסט. ביי די טישן זיצן אידישע טאַטעס און מאַמעס, דאָקטוי־רים, וועלכע זענען בודק זייערע קינדער. און מען איז בודק שטאַרק, אַלע חושים און איברים. איז מען מיט עפּעס ניט אין אָרדענונג, שיקט מען צו אַ ספּעציעלע קאָמיסיע. די קינדער בעטן זיך: איך בין גע־זונט, צו וואָס די פּראָצעדורן? אָבער געזעץ איז געזעץ, מען מוז אונטערזוכן. די קאָמיסיע מאַכט עס גענוי און פּינקטלעך. איך קוק און טראַכט: מען קען מאַכן אַ שהחיינו... און אויב דו זאָלסט וועלן, קענסטו פון דיין ערשטן טאָג אָנקומען נאָך ישראל, אויף יעדן שריט און טריט מאַכן שהחיינו.

מען גייט אדורך די קאָמיסיע און מען קריגט דעם סוג בריאות, דאָס הייסט, געזונט'ס קאַטעגאָריע. דאַן גייט מען אַדורך די איבעריקע פאָרמאַליטעטן און מען באַקומט דעם מיליטער ביכל און פון דעם מאָמענט ווערסטו אַ סאָלדאַט, אויס ציווילער בירגער. דו בינסט שוין אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון מיליטער מאַכט. גייסט אין סקלאַד און באַקומסט די מיליטער אָנטועכץ: אַ פּאָר קורצע כאַקי הייזעלעך, אַ כאַקי העמדל, אַ פּאָר פעסט געבויטע סאָלדאַטן שיך, שטרימפּעס און נאָך קלייניקייטן. מען טוט זיך איבער און מען פילט זיך ווי פריש געבאָרן. דו ווערסט אַ מענטש אין אַ נייער אויפלאַגע... מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַלע זאָרגן פון עול פרנסה, פון נאָך פיל

פּראָבלעמען פון ציווילן לעבן, מען ווערט א מענטש מיט ניט פיל דאַגות. קלערסט: עס איז אַפּטמאָל אין לעבן גאַנץ גוט צו קריגן די געלעגנהייט אַרויסגיין פון אלע טאָג טעגלעכע דאגות און פאַרביטן ווערן אין א מענטש, וואָס ווארט אויף צו קריגן דעם באַפעל און אויספילן זיינע סאָלדאַטן פליכטן, בפרט ווען מען האָט נאָך אן אידעאַל פאַר זיך דערביי אויך.

די יונגוואַרג איז פריילעך, מען וויצלט זיך, מען כאַפּט א קיבעץ איינער מיט דעם אַנדערן. אָט האָט איינער אן אוניפאָרם גאָרניט צוגעפּאַסט צו זיין מאָס. אליין האָט ער אויך ניט קיין אויסזען פון קיין סאָלדאַט. דערכאַפּט עס חברה און מען נעמט אים אויפן צימבל. הכלל די זעלבע ערשיינונגען ווי אין אַנדערע אַרמייען.

פילע יונגע מאָביליזירטע אין זעלנער קליידער גייען פאַרביי. חברה מאַכן קאָמפּלימענטן. מען זאָגט א גוט וואָרט א בחורה. איינער וויצלט זיך און זאָגט: די האַרץ זאָגט אים נביאות, אז גראַד דורך דעם מיליטער וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט צו אויסזוכן זיך אַ כלה, וואָרום אין ציווילן לעבן גייט אים ניט און אַזוי ווי ער איז אַן אונטער אָפיצער פון די אַרמייען, וואו ער האָט געדינט, וועט ער אויך געוויס אין דער אידישער אַרמיי קריגן עטלעכע בענדלעך און אלס אונטער אָפיצער וועט ער האָבן שאַנסן דערצו...

דער טרומפּייט שאַלט אויס דעם אָנזאָג צו גיין צום עסן. אויסגעשטאַמטע זעלנער זעצן זיך אויס ביי לאַנגע טישן און מ'וואַרט אויף דעם עסן. איך בליק אַרום זיך און טראַכט: שוין וויפל מאָל געזעסן ביי סאָלדאַטן טישן, אָבער מען פילט זיך עפּעס דא היינט אַנדערש. טאַקע צווישן זעלנער, אָבער ניטאָ קיין זעלנער גייסט.

די לידער וועלכע מען זינגט, זאָגן ניט וועגן קיין קאַזאַרמע לעבן. מען זינגט וועגן עמק, וועגן גליל, וועגן כנרת און „זאָג ניט קיינמאָל אז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

איך בליק אויף די פּנים'ער. ניט קיין סאָלדאַטן פּנים'ער, די אויגן — ניט קיין היה'שע סאָלדאַטן אויגן, ווי ס'פּאַסירט געוויינלעך. איך בליק צו די טישן פון די בנות „חן", די פרויען סאָלדאַטן. ניט קיין אויסזען פון קיין זעלנערקעס. איך וואָלט גיכער געזאָגט עילעך צו קראַנקן שוועסטערס, נאָר ניט אין ווייסן אָנטועכץ. זיי חנ'דלען

זיך און כאַפּן בליקן צו די טישן פון די חברה. איך זע פּאָר מיינע אויגן אַ נייע אַרמיי, פון ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע זעלנער טיפּן, נאָר פון זעלנער חלוצים; אַ נייער טיפּ מענטש אין אוניפאָרם פון זעלנער. איך האָב דערפילט די ספּעציעלע אייגנאַרטיקייט פון דער אַר־מיי, איר העכערקייט איבער די אַלע איבעריקע אַרמייען און די ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ תפילה צום אַלמעכטיקן: זאָל זי זיך אויסקרים־טאַליזירן פאַר אַזעלכער און אויספילן אירע פליכטן אין נייעם גייסט, וואָס פילט זיך ביי איר גרינדונג.

דער מאָלצייט איז געענדיקט. דער טרומפּייט רופט צום פאַראָדן מאַרש. די זעלבע חלוצים אַרמיי, ווערט פאַרוואַנדלט אין מאָמענט אין עכטע זעלנער. גלייכע שורות, הענט און אַקסל שטייף אויסגעצויגן. באַ־פעלן אַרמייאישע: רעכטס קער! לינקס קער! אויסגלייכן די שורות! איבערציילן זיך! עס פאַלן די באַפעלן שטריינג חבריש. עס ציילן די שטימען הויך זעלנעריש. עס מאַרשירן די זעלנער גלייך און ריטמיש. די חלוצים אַרמיי נעמט אָן דעם אויסזען פון אַ וועלט אַרמיי. עס האָט זיך אויסגעמישט דיסציפּלין, זעלנערישקייט, מיט חבר'ישקייט צוזאַמען.

טויזנטער, טויזנטער פלעגן יעדן טאָג אַדורכגיין די פּראָצעדור פון צושטעלן זיך צום מיליטער. די קאָמיסיעס האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. ניטאָ קיין צייט, דאָס לאַנד איז אין געפאַר. און ווען עס פלעגט צופאַלן די נאַכט, פלעגט דער לעבן אַרום אויסגעלאָשן ווערן, קיין פייערן פלעגן ניט אָנגעצונדן ווערן ווי אַ פאַרהיטונג קעגן באָמ־באַרדירונגען. נאָר וואו ניט וואו פלעגט בליקן אַ מאָס ליכט פון אַ נאַכט פאַנאַר. אין די געצעלטן פלעגן חברה שליסן באַקאַנטשאַפט צווישן זיך און שעפּטשערייען פלעגן זיך הערן אין דער שטיל.

# עס פאַרמירט זיך די אידישע אַרמיי

אין מאָביליזיר לאַגער פון בית־ליד גייט אָן אַן אינטענסיווע אַרבעט. טויזנטער, טויזנטער ווערן יעדן טאָג איינגעגלידערט אין די רייען פון צבא ההגנה לישראל.

עס קומען אַן אידישע בחורים פון דייטשלאַנד, איטאַליע, עסט־רייך, פראַנקרייך א. א. וו. טראַנספּאָרטן פון פרייוויליקע פון די לאַ־גערן פון דער שארית הפליטה. מען קומט אויך פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, פון אפריקע און אפילו פון ווייטן אינדיע ביז די סקאַנ־דינאווישע לענדער. זיי ווערן פון שיף אויף אויטאָבוסן אָפּגעטראַנס־פּאָרטירט צו די מיליטער לאַגערן.

צווישן די מארשירנדע נייע מאָביליזירטע זעלנער, באַגעגן איך חברים פון מיין לאַגער אין דייטשלאַנד. אָט באַגעגן איך אויך דעם פּאָרזיצנדער פון אידישן קאָמיטעט אין קינדער לאַגער וואו כ׳בין גע־ווען. מיר שמועסן זיך פאַנאַנדער וועגן דער פארגאַנגענער צייט. ער וויל דוקא איך זאָל אים דערציילן וועגן לעבן אין קובא און וועגן די אַק־טיוויטעטן פון דער אידישער קאָלאָניע. איך לייג עס אָפּ אויף שפּעטער. איך דערצייל אים אין קורצן, אז פארן קובאנער אידישן ישוב, זענען ביי מיר פארבליבן גרויסע סענטימענטן און דאָס גלייכן פאר דער שיינער נאטור פון לאַנד און גוטהארציקייט פון קובאנער פאָלק...

ער מאַרשירט אין ריי מיט נאָך פיל הונדערטער, האלט אונטערן אָרעם אַן אַלומיניגע סאָלדאטן מאַנאַשקע. איך קוק אים נאָך: אין לאַ־גער געווען א גאנצער „נאטשאַלניק" און אלס זעלנער מוז מען מאַר־שירן אין דער זעלבער שורה צוגלייך מיט אלע...

די אַרבעט אין מאָביליזיר לאַגער שטעלט זיך ניט אָפּ אויף קיין רגע. עס ציען זיך שורות זעלנער; וועלכע צום רעגיסטרירן זיך, וועלכע צום באקומען זאכן, וועלכע צום איינקווארטירן שוין. אין קאַנ־טינע כאַפּט מען אַ טרונק, אַ שמועס. יעדערער איז קאָנצענטרירט אין דערוואַרטונג און מען ריכט זיך יעדע שעה אויף נייע באַפעלן.

אַלעם איז ארום ניי פאר די נאַרוואָס מאָביליזירטע, אקאָרשט געקומענע. די גאנצע זאַך פון איינגלידערן אין דער ארמיי, ווי די אַר־

גאניזירונג פון דער ארמיי בכלל, איז ניי אפילו פאר די אלט געזעסע־נע פון ישראל. א ניי אויפגעקומענע מדינה, א ניי אויסגעוואקסענע אָר־גאניזירנדע זיך אַרמיי, נייע פּעלנער און אלעם ביי דעם אלטן פאָלק ישראל. און אפשר איז דאָס אלעם נים אזוי ניי... עס איז בלויז די אויפוואַכונג און אויפלעבונג פון דאָס איבערגעריסענע אין משך פון צוויי טויזנט יאָר גלות...

ארום בית־ליד לאגער ציען זיך פארזייטע פעלדער מיט צייטי־קע גרינסן. חברה זעלנער לאנגווייליקן זיך, כאפּט מען זיך אַדורך די דראָטן פון די אָפּצאמונגען אין די גערטנער און מען רייסט אַרוים א מער אָדער ברושקע. דערזעט עס א קצין, זידלט ער גוט אָן. דער זעלנער וואָס האָט עס געטאָן, איז א גאנץ אָנשטענדיקער בחור, אָבער דער זעלנער מונדיר, מאכט שוין דעם מענטשן אביסל אזוי זיך הפקר׳דיק. איך האָב צוגעזען אַזעלכע סצענקעס ביי פיל זעלנער פון אַנדערע ארמייען און עס האָט פאראינטריגירט צו זען די ער־שיינונג, מיט אן אידישן סאָלדאט, אויף אן אידישן פעלד און אָנגע־זידלט דורך אן אידישן קצין. הכלל, איך זע, אז די נייע ארמיי פאַרמירט זיך...

נאָכן ערליידיקן אלע פאָרמאליטעטן, פלעגט דער זעלנער קריגן א ביכל מיט א נומער און דאן איז געבליבן צו ווארטן אויף דער באשטימונג אין וועלכן פּלאַץ צו אָפּגעטראַנס־פּאָרטירט ווערן.

פיל מאָל דורך דעם טאָג פלעגן אָפּגעטראנספּאָרטירט ווערן גרופּן. פון בית־ליד בין איך אָנגעקומען אין גרויסן דורכגאנגס לאַ־גער פון קרית מאיר, נעבן תל אביב.

# אין גרויסן טראַנזיט לאַגער פון קרית-מאיר

קרית מאיר — א פאר־שטאָט פון תל אביב. אויף א גרויסן פּלאַץ זענען אויפגעשטעלט געוואָרן טויזנטער פּאַלאַטקעס אין מיליטע־רישער אָרדענונג.

דער פּלאַץ איז אַרומגערינגלט מיט שטעכל דראָט. דער טויער באוואַכט פון פּאַטרולן. ניט אַריין, ניט אַרויס.

דאָ פּלעגן די זעלנער באַקומען קליידונג, זייער אויסשטאַטונג, אַדורכמאַכן די צערעמאָניע פון אָפּגעבן די שבועה און פון דאַנען פּלעגט יעדערער אָפּגעשיקט ווערן לויט זיין ספּעציאַליטעט און מיליטער קענטעניש, צו דער ענטשפּרעכנדער פאָרמאַציע.

יעדן אינדערפרי פּלעגט פאָרקומען א פרימאָרגן מסדר. און ווען עס פּלעגן קומען פאָרשטייער פון די מיליטער פאָרמאַציעס צו פאָ־דערן זעלנער פאַר זייערע גרופּן, פּלעגן אויף אַזעלכע מסדרים אויסגע־רופן ווערן די נעמען פון די וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן וואוהין צו גיין און זיי פּלעגן גלייך אָפּגעשיקט ווערן.

דורך דעם קרית מאיר לאַגער זענען דורכגעגאַנגען צענדליקער, צענדליקער טויזנטער זעלנער.

די אַרבעט איז דאָ אָנגעגאַנגען אָנגעשטריינגט און פלייסיק.

קרית־מאיר געפינט זיך נעבן דער קאָלאָניע שרונה, וועלכע איז פריער געווען א דייטשישע קאָלאָניע מיט וועלכער ישראל איז געווען „געבענטשט". שרונה איז געבויט לויטן דייטשישן סטיל, סימעט־ריש, פונדאַמענטאַל און גוט איינגעאָרדנט. דאָס איז גוט צונוץ געקו־מען פאַר דער צייטווייליקער ישראל רעגירונג.

פון קרית־מאיר זעט זיך תל אביב, וועמענס געביידעס הויבן זיך אָן כמעט באַלד נאָענט פון לאַגער. דאָס איז דער אָנהויב פון שטאָט און דורך דאַנען קאָנסטו אַריינגיין אַלץ טיפער און טיפער אין האַרץ פון תל אביב. די מענטשן פון די באַלקאָנען בליקן אָפט אַראָפּ צום מי־ליטער לאַגער און עס זעט אויס ווי קרית־מאיר מיט אַנדערע אַזעל־כע לאַגערן זענען ווי די באַזן, וואו עס פאָרמירן זיך די פאַרטיידי־קונגס קאַדרען פון לאַנד.

קרית־מאיר איז ארומגערינגלט מיט שטעכל דראָט, נעבן וועלכע עס ציען זיך שורות טראַנשייען אויף פאַלן פון באָמבאַרדירונגען. און טאַקע אָפּט פלעגן די אַלאַרם סיגנאַלן וואָרנען דעם לאַגער פאַר די אַנקומענדע לופט אַנגריפן פון פיינטלעכע עראָפּלאַנען. דאַן פלעגן די טראַנשייען פאַרפולט ווערן מיט זעלנער. די פיינטלעכע עראָפּלאַנען פלעגן פליען גאַנץ הויך און פלעגן אַראָפּוואַרפן זייער מלחמה לאַ־דונג אויף תל אביב און אירע אומגעגנטן.

אין דעם גרויסן מיליטער לאַגער פון קרית־מאיר, האָב איך צוגעזען בילדער פון דער אַנטשטייאונג פון דער אידישער אַרמיי. דורך שטעכל דראָט, וועלכע האָבן אָפּגעצאַמט דעם לאַגער פון דרויסן, פלעגן קומען פרויען אָפּזוכן זייערע מענער סאָלדאַטן, זיי ברייינגען א גוטע זאַך און דערבײַ אונטערהויבן דאָס קליין מיידעלע, אָדער אינגעלע, אום צו ווייזן דאָס קינד דעם פאָטער. איך האָב גע־קוקט אויף דער אידישער פרוי, דער „סאָלדאַטקע", אַזוי האָבן גע־הייסן אין רוסלאַנד די פרויען וועמעס מענער זענען געווען אין קריג אין צייט פון דער מלחמה. און אָט זע איך אידישע „סאָלדאַטקעס", וועלכע שטייען הינטער שטעכל דראָט, צו כאַפּן א שמועס מיט זייער מאַן, וואָס געפינט זיך שוין אין דער אַרמיי צו ערפילן די פליכטן פאַרן פאָטערלאַנד, וועלכע איז ניט בלויז פאָטערלאַנד אין אויס־דרוק, נאָר פאָטערלאַנד אין פולן זין פון וואָרט.

אָט שטייט א יונגע פרוי, וועלכע האָט זיך שוין אייניקע מאָל אָפּגעזעגנט מיט איר מאַן און יעדן מאָל אָנגעהויבן דעם שמועס פונ־דאָסניי. אירע אויגן באַגלייטן מיט ליבע און אומרו איר מאַן. ס'דוכט זיך, אַז די בייַנקשאַפט פון אירע אויגן וועלן צעשניידן די דראָטן. אָבער זי לאָזט באַלד אָפּ. איר פאַרשטאַנד איז גובר אירע געפילן, זי לאָזט איר מאַן גיין צו זיינע פליכטן. זי ווייס, אַז ער מוז גיין אויס־קעמפן פרייהייט פאַר איר קינד, וואָס שטייט דערנעבן.

אין א לאַנגער ריי שטייען אויסגעשטעלט זעלנער צו באַקומען מיטאָק ביים פאַנאַנדערטיילן דעם עסן. ביים קעסל שטייט אַן איד מיט א קורץ בערדל. ער איז פון די רעליגיעזע. ער טיילט דעם עסן שנעל און פלייסיק. די אַרבל פון סאָלדאַטן העמד פאַרקאַטשעט און אויפן קאָפּ א יאַרמלקע. אָט פאַר אים, פאַר דעם טיפּ רעליגיעזן יש־ראל'דיקן איד, האָב איך געהאַט גרויס דרך ארץ.

אין דעם לאגער האָבן זיך אויסגעמישט פאַרשיידענע שיכטן, פון לאַנד און געקומענע פון אויסלאַנד. אידן אין באָרד און פּיאות און פריי דיינקנדע. מיידלעך פון קיבוץ, ביוראָ און וואַרשטאַט. אידן פון רוסלאַנד און פּוילן, פון ליטע און רומעניע, פון דייטש־לאַנד און אונגאַרן. קיבוץ גלויות פאַר א לאַנד; קיבוץ גלויות פאַר אַן אַרמיי, קיבוץ גלויות פאַר א נייעם גוף, פאַר א נייער נשמה, קי־בוץ גלויות פאַר תחית המתים.

אָוונט אין קרית־מאיר.

עס לעשן זיך אויס די פייערן אַרום שטאָט און אין לאַגער, ווי אַ פאַרהיטונג קעגן באָמבאַרדירונגען.

עס פּייפן די סירענעס. סיגנאַלן זאָגן אָן א לופט אָנגריף. איבער די הימלען פון תל אביב קרייזן פיינטלעכע עראָפּלאַנען און די טראַנ־שייען ווערן אָנגעפילט מיט זעלנער.

קרייזן די פיינטלעכע עראָפּלאַנען, פליען און פאַרלירן זיך אין די גרויסע ישראל הימלען. תל אביב ציט זיך קילאָמעטערס לאַנג און זיי פליען איינצלנע און אַזוי געשווינד...

עס פילט זיך, אַז מיר וועלן ש נ ע ל איבערשטייגן דעם פיינט און ניט לאַנג וועט נעמען ווי קעגן דעם איינצל פליענדן עראָפּלאַן, וועלן זיך אויפהויבן אייניקע אונזערע. אָבער דערווייל וואַרפט ער אַראָפּ זיין לאָדונג און געוויס זענען שוין דאָ קרבנות...

טונקל אין לאַגער.
נ אַ כ ט .

אין די געצעלטן ליגן אויף די שטרויענע מאַטראַצן הונדערטער, הונדערטער סאָלדאַטן פאַרזונקען אין געדאַנקען, אָדער אין אַ האַלבן דרעמל.

איבער די אַרומיקע פעלדער גייט אויף אַ וואָלקנדיקער טוי. ער וויקלט זיך אין כוואַליעס, ווי ער וואָלט זיך ערגעץ געצויגן. לייגט זיך אויף אַלעם וואָס ער באַגעגנט. די לייוונטן פון די גע־צעלטן ווערן פון אים באַדעקט.

עס בלאַנקען פייערלעך אין פאַרשיידענע עקן פון לאַגער.

דאָס לעבן קען ניט אויסגעלאָשן ווערן אינגאַנצן. אין קיך גרייט מען צו דעם עסן. אין אַ צעלט ביי דעם פייער זיצט דער אָרדנער און קוקט אַריין ביים שיין פון טונקעלן פאַנאַר, אין פאַרשיידענע פּאַפּירן.

אין שטאָב זיצט דער פאַראַנטוואָרטלעכער, אַריבערגעוואָרפן דעם שי־נעל איבער די אַקסלען. קאָנצענטרירט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, וואַכט ער אויפמערקזאַם.

די נאַכט ציט זיך שעה'נווייז, שעה'נווייז און ברענגט דעם פרי־מאָרגן. עס גייט אויף דער טאָג אין ישראל.

די לופט איז קיל און נעמט אַדורך אין די פריסטע פרי־מאָרגן שעה'ן.

אויפשטיין!

אין מינוטן איז דער לאַגער אויף.

אין לאַנגע שורות לויפן די זעלנער, האַלב נאַקעט און מאַכן זייערע פרימאָרגן איבונגען.

פרישטיק. דערנאָך שטייען אַלע שטייף אויסגעצויגן. דער טרומ־פייט שפילט דעם סיגנאַל פון אַרויפציען די ווייס בלויע פאָן. ז'ער טרומפייט איז אַרומגערינגלט מיט ווייס בלויע שנורן, דער שפילער האַלט עס פאַרריסן הויך, ער קוקט אַרויף צום הימל און שפילט אויס דעם יובל מאַרש פון פאָלק.

די פאָן ציט זיך אַרויף פּאַוואָליע העכער, העכער און ווען זי דערגרייכט צום שפיץ, שפּרייט זי זיך אויס אין איר גאַנצער ברייט. דער ווינט האָט איר געקירעוועט צו דער געוועזענער דייטשישער שרונה קאָלאָניע.

ס'דוכט זיך ווי די פאָן ווערט פאַרביטן אין אַ לעבעדיקן וועזן און פירט אָן מיט דער גאַנצער באַוועגונג פון טאָג לעבן אין לאַגער.

די אידישע ווייס־בלויע פאָן פלאַטערט פריי, דער ענטגילטי־קער נצחון קומט אָן.

## טאָג טעגלעכע פּראָבלעמען פון דער ישראל אַרמיי

ווי האָט אויסגעזען די באַשפייזונג, באַקליידונג, מעדיצינישע, סאַניטאַרע, קולטורעלע באַדינונג און דאגה פאַר די משפחות פון די מאָביליזירטע זעלנער?

איך בין געווען אין אייניקע אַרמייען. איך האָב אויך פון דער נאָענט זיך צוגעקוקט צום לעבן פון אַמעריקאַנער זעלנער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי בעת זיי זענען געווען אין דער אָקופּירטער דייטשלאַנד און מיט שטאָלץ קען מען זאָגן, אַז די אידישע אַרמיי איז ניט אָפּגעשטאַנען אין אירע באַזאָרגונגען און באַדינגונגען פאַרן זעלנער ווי אין אַנדערע אַרמייען. פאַרקערט, זי האָט אין פיל הינזיכטן איבערגעשטייגט, ניט רײדנדיק שוין וועגן איר מאָראַלישן גייסט, וואָס איז אָן שום ספק געשטאַנען אויף אַן אומפאַרגלייכלעכע הויך.

די באַשפּייזונג איז געווען דריי מאָל טעגלעך פון בעסטן קוואַליטעט און צוגעפּאַסט צו די קלימאַטישע באַדינגונגען. אין דער צייט ווען פלייש איז שוין געווען פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג אויף קאַרטן, האָט דער אידישער זעלנער באַקומען 3 מאָל טעגלעך פלייש. 3 מאָלצייטן פלעגן באַשטיין פון אַזוי פיל מינים, אַז דער זעלנער פלעגט זיי ניט קענען אויפעסן. די פּאָרציעס זענען ניט געווען באַגרענעצט.

האָט זיך טאַקע געלאָזט מערקן, ווי די זעלנער פלעגן אָנקומענדיק אין דער אַרמיי, קריגן אויסגעפּילטע באַקן און אויך דער גוף פלעגט זיך אויסקיילעכן. ציגאַרעטן פון גוטן קוואַליטעט פלעגט קריגן יעדער זעלנער און אַ צוגאָב פון אייניקע פונט געהאַלט. אין ספּעציעלע קאַנטינעס נעבן יעדן זעלנער פונקט, פלעגן די זעלנער קריגן פון וואָס נאָר זייער האַרץ גלוסט, צו ביליקערע פּרייזן, ווי אין נאָרמאַלן פאַרקויף. פלעגן די זעלנער, — וועלכע האָבן פאַמיליעס, — פירן תמיד, ווען זיי זענען אויף אורלויב געפאָרן, גאַנצע פּעקלעך מיט זיסוואַרג און שפּייזן.

די באַקליידונג איז געווען ניי, ריין, תמיד געוואַשן אין די זעלנער וועשערייען. די סאַניטאַרע באַדינונג איז געווען פון אַ הויכער מדרגה.

די מעדיצינישע זאָרג איז געווען אוועקגעשטעלט ניט פארשע־
מענדיק זיך קעגנאיבער יעדע אנדערע שוין פון צענדליקער יאָרן
איינגעאָרדנטע אַרמיי. שפּיטעלער, מיט דאָקטוירים ספּעציאַליסטן,
פיל אַנגעקומענע פּרייווילִיקע פון אויסלאַנד צו דער מלחמה, אָפּרוי
און ערהאָלונגס הייזער פאַר אָפּגעשוואַכטע. דאָ האָט אַרויסגע־
וויזן איר קאָלאָסאַלע באַדייטונג די קופּת חולים פון דער „הסתד־
רות", וועלכע האָט געשטעלט איר גאַנצע רייכע ערפאַרונג און טעכ־
ניק צום דינסט פון פראָנט.

די קולטורעלע באַדינונג איז געווען געלענקט אין דער ריכטונג
פון דערהויבן דעם זעלנער צו באַגרייפן דעם מהות פון דער נייער
ישראל אַרמיי. די קולטורעלע אַרבעט איז געגאַנגען אין דער ריכ־
טונג פון דערלערנען אויף שנעל די ניי אָנגעקומענע עולים אין
דער אַרמיי, אין דער העברייאישער שפּראַך, אביסל געשיכטע פון
לאַנד אויפבוי און אין אַלגעמיין געבן די זעלנער אין הינטערלאַנד
און אויפן פראָנט, אָפּטע קינסטלערישע אַרויסטרעטונגען צו אָפּ־
פרישן און אויפמונטערן זייערע געמיטער.

עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן זעלנער כאָרן, זעלנער אָרקעס־
טער'ס. עס זענען אויסגעזוכט געוואָרן די זעלנערישע אַרטיסטישע
כוחות און זיי זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין יעדער אָפּטיילונג.

א חוץ דעם פלעגן די בעסטע אַרטיסטישע כוחות פון לאַנד,
פון די עקזיסטירנדע טעאַטערן און קיבוצים באַזוכן אָפט די מיליטער
לאַגערן און דעם פראָנט.

עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער „מחלקה לתרבות"
אָן אַ שיער באַלערנדע מאַטעריאַלן אין פאַרשיידענע שפּראַכן,
לויט די שפּראַכן אויף וועלכע די זעלנער האָבן גערעדט. אין
יעדער זעלנער לאַגער איז געווען אַ לייען זאַל פון אַלע צייטונגען
און זשורנאַלן, פון לאַנד און אויסלאַנד.

אַ חוץ דעם איז געזאָרגט געוואָרן פאַר דער פאַרווייַלונג און
קולטורעלן אויסלעבן זיך פון זעלנער, ווי אויך פאַר זיין געהעריקער
אָפּרו, אין צייט פון זיין פאַרברייינגען אויף אורלויב אין שטאָט.

אין די גרעסערע שטעט און קאָלאָניעס זענען אויסגעהאַלטן
געוואָרן זעלנער ק ל ו ב ן , וואו עס זענען געווען ביבליאָ־
טעקן, צייטונגען, זשורנאַלן און וואו עס פלעגן פאָרקומען אָפטע מו־
זיקאַלישע און אַרטיסטישע אָוונטן. ביי שיינע טישלעך, אין אן אַט־

מאספער פון זיכערקייט און רואיקייט. פון קולטורעלער גייסטיקער שטימונג, פלעגן די זעלנער פארברייינגען זייערע שעה'ן פון אורלויב. דארט פלעגן אויך אפט געמאכט ווערן באקאנטשאפטן מיט חברות זעלנערקעס. אין יעדער זעלנער קלוב, האט אויך עקזיסטירט א קאנ־טינע, וואו דער זעלנער האט געקענט קויפן פאר קליינע געלטער אלץ וואס ער האט געוואלט.

פאר די זעלנער פון מח"ל געקומענע פון אויסלאנד, האט עקזיסטירט א באזונדער צענטראלער קלוב, וואו עס איז געפירט גע־ווארן א פארצווייגטע קולטורעלע ארבעט.

די באדינונג אין די זעלנער קלובן, פלעגט אויסגעפירט ווערן דורך דיזשורן פון פרויען — מערסטנס ארגאניזירט דורך דער „וויצא". פרויען אין ווייסע כאלאטן פלעגן באדינען דעם זעלנער ווי אין א רעסטאראן.

אפט פלעגט טרעפן, אז די זעלנער ניט ווויסנדיק, אז זיי ווערן באדינט דורך פרויען פון פיינע הייזער, אפטמאל אויך אינטעלעקטו־אלן און פון אינטעליגענטע פראפעסיעס, פלעגן זיך בייזערן הלמאי מען דערלאנגט ניט אזוי שנעל דאס באשטעלטע. די פרויען פלעגן זיך איבערקוקן און צו־שמייכלען, אבער קיינמאל ניט וואגן גארניט צו זאגן.

פלעגט א חבר, וואס זיצט נעבן דעם בייזערנדיקן זיך, שטיל אים אריינרוימען אין אויער און אויפקלערן ווער די „קעלנערקעס" זענען, פלעגט דער בייזערנדער זיך זעלנער צעשמייכלען און פאר־שעמט כאפן א בליק צו דער „קעלנערקע", וועלכע פלעגט אים אפענטפערן מיט דאס זעלבע.

א קולטורעלע ארבעט איז אויך געפירט געווארן אין די שפיטע־לער און אפרו הייזער פאר די זעלנער.

די דאגה פאר די משפחות פון די זעלנער, איז געווען ארגאני־זירט מוסטערהאפט.

די משפחה פלעגט קריגן א מאנאטלעך געהאלט לויט דער גרויס פון איר צאל נפשות. די אונטערשטיצונג איז געווען פון א באדייטנדע סומע, א חוץ דעם פלעגט פאר די משפחות פון די זעל־נער אויסגעטיילט ווערן קליידונג און צוגאב שפייזן.

געווען פאלן ווען תימנ'ער משפחות פון פיל נפשות

פלעגן קריגן אן אונטערשטיצונג א גרעסערע ווי די, וואָס האָט באַטראָפן דער פאַרדינסט פון מאַן — איצט זעלנער — ווען ער איז געווען אויף זיין ארבעטס פּלאַץ.

אין קרית־מאיר האָב איך אָפּט בייגעווען קינסטלערישע ארויס־טרעטונגען פאַר דעם לאַגער.

עס געדיינקט זיך מיך א פאַרנאַכט.

אין לאַגער איז טונקל. אויף א פּראָוויזאָריש אויפגעשטעלטע בינע דערשיינט דער כאָר און אָרקעסטער פון דער זעלנער אָפּטיי־לונג. עס טרעטן אויף אַרטיסטן. די זעלנער זיצן צונויפגעפרעסט אין שורות, אויף אויסגעשטעלטע בענק. נעבן זיי געפינען זיך אייניקע פון זייערע משפחות, וועלכע וואוינען נאָענט און זענען ספּע־ציעל געקומען.

א געמיש פון פאַרשיידענע קולטורעלע און גייסטיקע ארויס־טרעטונגען איינגעזאפּטע אין די פאַרשיידענע גלות לענדער, מישן זיך אויס מיט די קולטורעלע ארויסטרעטונגען און שאפונגען שוין עכט ישראל'דיקע.

עס זינגט א חברה פון קיבוץ, א פאַרביינקטע ליד וועגן כנרת, א צווייטע — א ליד וועגן ישראל נאַטור און איר פּאַטערלאַנד.

עס פלעכט זיך אַדורך א ליד פון רוסישן פראָנט פון א זעלנער וועלכער האָט דורכגעמאַכט די לעצטע מלחמה קעגן היטלערן.

אַן אונגאַריש אידיש מיידל זינגט א ליד אין אונגאַריש. א מיידל פון רומעניע שפּילט אויס אויף איר מיטגעבראַכטן אַקאָרדיאָן א רומעניש סענטימענטאַל ליד.

און טראָץ דער פאַרשידנאַרטיקייט פילסטו שוין ווי עס שיילט זיך אויס דער נייער קולטור גייסט פון דער אידישער מדינה.

# ישראל — איין גרויסער מיליטערישער לאַגער

די לאגע אין ישראל איז געווען אַן אָנגעשטריינגטע. דאָך איז דער ערשטער שווערער מלחמה פעריאָד פאראיבער. די אראבישע אַרמייען האָבן קיין באדייטנדע דערגרייכונגען ניט פארצייכנט אין זייער ערשטן אַזוי „טריאומפירנדן" מארש אויף ישראל, א חוץ דעם לעגיאָן, ווען עס איז געלונגען צו איינעמען אלט ירושלים און ארומרינגלען ניי ירושלים, אָפּשניידנדיק איר פון איבעריקן טייל ישוב.

די פונקטן וועלכע דעם שונא איז געלונגען צו פארנעמען, זענען געלעגן אין דער טייל טעריטאָריע, וועלכע האָט געהערט צו די אראבער לויט דעם חלוקה פלאן פון „אָנו" באשלום.

די הפוגה, שטילשטאַנד, האָט אָנגעהאלטן נאָך אייניקע וואָכן. גאַנץ ישראל איז פארוואַנדלט געוואָרן פאר דער צייט אין איין גרויסן מיליטער לאגער. די אידישע ארמיי, וועלכע איז באשטאַנען פון דעם קערן פון דער פריערדיקער „הגנה", האָט זיך אָנגעהויבן איבער־פאָרמירן און אָרגאניזירן אין א רעגולערער אַרמיי.

איבעראל זענען געשאפן געוואָרן גרויסע מיליטער דורכגאנגס לאַגערן, דורך וועלכע ס'פלעגן דורכגיין אין מאָביליזאציע, טויזנטער, טויזנטער יונגעלייט. אַן אויפהער האָבן געשטראָמט יונגע וואָלונ־טירן פון גאַר דער וועלט, דערהויפט פון די לאַגערן פון דייטשלאנד, עסטרייך און איטאַליע.

אויך פיל זענען געקומען פון אַמעריקאַנעם קאָנטינענט. די פארייניקטע שטאַטן האָבן געגעבן גוטע ספעציאליסטן, ווי פליער, ראַדיסטן, דאָקטוירים. די ארמיי האָט זיך אָנגעהויבן קאָמפלעטירן אין פּאָלקן און בריגאדעס. געניטע אָפיצערן פון דער „הגנה", פון דער בריגאדע, געוועזענע אָפיצערן פון דער צווייטער וועלט קריג, וועלכע האָבן געקעמפט אויף די איירָאָפּייאישע שלאכט פעלדער, האָבן איבערגענומען די אָנפירערשאפט און די אויפגאבע פון ריאָר־גאַניזירן די ארמיי.

דער ארגון צבאי לאומי האָט עקזיסטירט ווי א באזונדער מילי־טער גרופע און אָנגעגאנגען זעלבסטשטענדיק אלס א טעריטאָריעלע

מיליטער פאַרמאַציע און דאָס גלייכן די לח"י גרופּן. שפּעטער נאָך דער טראַגישער געשעעניש מיט דער „אַלטאַלענאַ", האָבן זיי זיך אויפן באַפעל פון דער הויפּט קאָמאַנדע פון דער צבא ההגנה לישראל, צונויפגעגאָסן אין איין ארמיי. און דאָס איז געווען אַ נויטווענדי־קייט פון דער שעה, ווייל עס קענען ניט עקזיסטירן אין איין לאַנד עטלעכע ארמייען, פּונקט ווי עס קענען ניט עקזיסטירן קיין צוויי פּאַרלאַמענטן. ווען ישראל איז געווען אונטער דעם ענגלישן יאָך, האָבן געקעמפט פאַרשיידענע גרופּן באַזונדער, אָבער ווען עס האָט זיך שוין אויסגעקריסטאַליזירט די אידישע מדינה, האָט געמוזט צונויפגעשטעלט ווערן איין רעגירונג, איין ארמיי און איין פּאַרלאַ־מענט. קלאָר און פאַרשטענדלעך!

א טייל אַמוניציע איז פּראָדוצירט געוואָרן אין לאַנד גופא. דער אַזוי גערופענער „סטען", פּראָדוצירט אין לאַנד, האָט באַצירט די אַקסלען פון יעדן זעלנער.

פיל געווער איז געבראַכט געוואָרן דורך די פּאָרטן פון אייראָ־פּע, איבער די וואַסערן פון מיטללענדישן ים, צו די ברעגן פון יש־ראל. די פּאָרטן פון פראַנקרייך און איטאַליע, האָבן געדינט ווי דורכ־גאַנגס באַזעס פאַר דער גרויסער הילף צו ישראל.

יעדער איינער, וועלכער איז געווען פייאיק צו טראָגן געווער איז געוואָרן מאָביליזירט. איר האָט געקענט זען אין די רייען פון דער ארמיי אידן מיט באָרד און פאות און יונגטלעכע פון קיבוץ, פון שטאָט און דאָרף און מיט זיי צוזאַמען יונגע מיידלעך, וועלכע זע־נען אָרגאַניזירט געוואָרן אין ספּעציעלע אָפּטיילונגען ווי די פּלוגות „חן".

די פּריוואַטע שפּיטעלער און פון דער „הסתדרות", פון קופת חולים זענען רעקוויזירט געוואָרן פאַרן מיליטער.

די בעסטע פּראָדוקטן ווי פלייש, מילך און אייער, וועלכע זע־נען פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג ראַציאָנירט געוואָרן, זענען געגאַנגען פאַר דעם זעלנער, פאַר די שפּיטעלער און אָפּרו הייזער.

עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע קורסן פאַר אויס־שולן אויף שנעל יונגע קאָמאַנדירן, אונטער אָפיצערן און אָפיצערן.

עס איז אויסגעשולט געוואָרן די ערשטע גרויסע גרופּע פון מיליטער פּאָליציי, וועלכע האָבן געטראָגן אויף די אָרעמס רויטע בענדער מיט אַן אויפשריפט מ. צ. — משטרה צבאית, דאָס הייסט מי־ליטער פּאָליציי.

זיי זענען געווען גוט צוגעקליבענע חברה, שיין אָנגעטאָן, גוט באוואָפנט און זיי האָבן געמאכט דעם איינדרוק ווי שוין פון לאנג געשולטע זעלנער. די וועלכע זענען ניט געווען פּייאיק צום אקטיוון מיליטער דינסט, זענען איבערגעטראנספּאָרטירט געוואָרן אין דער בירגערלעכער פּאָליציי, אָדער אויף ארבעט אין פּלעצער וואו עס זענען אויסגעפירט געוואָרן פּראָיעקטן פון מיליטערישער באדייטונג.

עס זענען געגראָבן געוואָרן שוץ פּאָזיציעס. עס זענען געמאכט געוואָרן פּארהיטונגען קעגן לופט אָנגריפן.

די אָרדענונג אין די שטעט און קאָלאָניעס בעת לופט אָנגריפן פלעגט היטן דער משמר אזרחי, רעקרוטירט פון די וועלכע האָבן צוליב עלטער אָדער געזונטהייט'ס סיבות, ניט געקענט נעמען אָנטייל אין אקטיוון אָדער פּאסיוון מיליטער דינסט. די רעגירונג פון לאנד איז איבערגעגאנגען אין די הענט פון דער מיליטער מאכט, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער אלטער אויסגעפּרוואוטער ארבעטער פירער, איצט פּרעמיער און קריגס מי־ניסטער, דוד בן גוריון.

עס איז איינגעפירט געוואָרן א מיליטער צענזור איבער דער פּאָסט און ציימונגס וועזן.

עס איז איינגעפירט געוואָרן א שטריינגע קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקטן פּארטיילונג און פּראָדוקטן אויסארבעטונג אין די ווירטשאפטן, סיי קאָלעקטיווע, סיי פּריוואטע.

פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה, האָט די יונגע אידישע מלוכה אָנגענומען אלץ וואָס מער דעם אויסזען פון א גוט קלאפּנ־דיקן מלוכה אפּאראט.

דאָס דארף מען פּארדאנקען נאָר דעם זשעני פון אידישער פּיי־איקייט און אָרגאניזירטקייט פון ישוב. איבער נאכט איז גאָרניט אויסגעוואָקסן. וואָלט מען דאָס אלעס ניט צוגעגרייט, וואָלט ניט מעגלעך געווען צו מאכן עס אין אזא קורצער צייט און אין באדינ־גונגען פון מלחמה צושטאַנד.

אין די גרעסערע און קלענערע שטעט זענען געעפנט געוואָרן שטאָטישע מיליטערישע קאָמענדאטורן.

דער זעלנער איז ניט פּארערעכנט געוואָרן צווישן דער ציווילער באפעלקערונג ווי אַ סאָלדאט, נאָר ווי אַ זון, ברודער און פריינט.

פלעגט מען טאקע זען די נייע אידישע זעלנער אין חבר'ישער סביבה פון פאמיליעס, יונגע מיידלעך און פריינט.

ספּעציעלע קאָמיסיעס פון דעם „ועד למען החייל", קאָמיטעט פאַר דעם זעלנער, האָבן געזאָרגט פאַרן גוט פילן פון די פרייוויליק געקומענע.

לויט זייער שפּראַך אויף וועלכער זיי האָבן גערעדט, האָט מען זיי אויסגעזוכט פאַמיליעס, וואו זיי האָבן פאַרבראַכט זייער פרייע צייט, אין יום טוב טעג און צו פּסח סדרים. ווען אַ זעלנער האָט אין צייט פון זיין דינסט געהייראַט, איז די חתונה געפּראַוועט געוואָרן דורך דעם מיליטער.

זענען טאַקע געווען פיל פאַלן, ווען אונטערן פּרוכת צוגעמישעפּעט צו 4 באַנגעטן אויף ביקסן פלעגן חתן־כּלה, אַ זעלנער מיט אַ זעלנערקע, פּראַווען זייער חתונה.

אין פרייער צייט פלעגן זעלנער געפירט ווערן אויף מיליטערישע לאַסט אויטאָס אין די קינאָס. די אָפיצערן פלעגן האָבן צו זייער דיספּאָזיציע לייכטע מאַשינען, מיט וועלכע זיי פלעגן אָפט אין די פרייע אָוונט שעה'ן האָבן די מעגלעכקייט צו אַרויספאָרן פריי איבער די ישראל'דיקע שאָסייען, צו שפּאַצירן מיט די ישראל'דיקע בנות־טעכטער. און די ישראל'דיקע בנות־טעכטער זענען אַזוי חנ'עוודיק, אַז מיט זייער חן און עלעגאַנטקייט לאָזן זיי זיך ניט פאַרגעסן. ישראל האָט צוריק געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זען פאַר זיך די נאַציאָנאַלע אידישע טעכטער טיפּן פון די רבקה'ס און רחל'ס. אסתר'ס און צפּורה'ס. אין גלות פלעגן זיי ווי זיך אויסמישן מיט זייער נאַציאָנאַלער שיינקייט, וועלכע פלעגט פאַרלאָרן גיין. ישראל האָט אויך דיעם שיינעם מאָמענט אויפגעלעבט.

די ניי געשולטע אידישע אָפיצערן, וועמען מען האָט אָנגעטאָן די בכבוד'יקע שליפן, וואָס האָט זיי אַריינגעגעבן מוט און דערהויבנקייט — פלעגן זיך מיט קוראַזש לאָזן איבער די שאָסייען פון ישראל, צו איז עס זייענדיק אין דינסט, אָדער ווען אויף אַ שפּאַציר. האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די פאַלן פון אויטאָ קאַטאַסטראָפעס אויף די וועגן, מיט מענטשלעכע קרבנות. די זאַך איז דערגאַנגען צום רעווידירן און עס זענען אָנגענומען געוואָרן מיטלען ביז איינזעצן אין טורמע, פאַר ניט היטן די פאַרשריפטן פון וועג פאַרקער.

איך דערמאָן עס, ווייל ס'זענען געווען צייטן ווען אויף יעדער קרייץ־וועג, איז געלעגן אַן איבערגעקערטער דזשיפּ מיטן אויפשריפט: דאָ איז פאָרגעקומען אַ וועג קאַטאַסטראָפע און קרבנות אַזוי פיל און אַזוי פיל, מיט אַ צוגאָב צושריפט: „היט זיך פאַרן טויט"!

# פּלמ״ח און צבא ההגנה לישראל

דער קרן און יסוד פון דער אידישער ארמיי איז געווען דער פּלמ״ח. דאָס זענען געווען די שטורעם־אָפּטיילונגען פון דער אידישער ארמיי. דער פּלמ״ח — דאָס זענען די ערשטע הגנה קעמפּער, וועלכע ציען נאָך זייער המשך פון די ערשטע קאמפּ׳ס אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן געבויט דעם ישוב און אים פארטיידיקט נאָך אין דער צייט, ווען מען האָט נישט געוואוסט, ווען ס׳וועט קומען די פאוּ־ווירקלעכונג פון מלכות ישראל. אין דעם פּלמ״ח האָט געהערשט א חברה׳ישע דיסציפּלין, געבויט אויף פארשטענדיקונג, איבערגעגעבנקייט פון חבר צו חבר און קאָלעקטיווע אחריות. דער פּלמ״ח איז געווען דער שטאָלץ פון ישוב. די גרעסטע ערשטע אַק־ציעס האָט ער אַדורכגעפירט. די גרעסטע זיגרייכע אַטאַקעס אויף דעם שונא, האָט דער פּלמ״ח אויסגעפירט.

די חברים זעלנער פון פּלמ״ח זענען געווען זעליש באהעפט מיט זייערע מיליטער אָפּטיילונגען. זיי האָבן ספּעציעל שטאָלצירט מיט זייער אָנגעהעריקייט צום פּלמ״ח און מיט יראת הכבוד געטראָגן זייערע אָפּצייכענונגען.

דער פּלמ״ח האָט זיך רעקרוטירט מערסטנטייל פון די חברים פון דער חלוצישער מחנה, וועלכע זענען ענג פארבונדן מיטן אויפבוי און היסטאָריע פון ישוב. דאָס זענען געווען מערסטנטייל חברים פון דער קיבוצישער באוועגונג, חברים פון די חלוצישע אָרגאניזאַ־ציעס און פון די נייע צוגעקומענע, וועלכע האָבן געבלוטיקט אויף די שלאכט פעלדער פון דער לעצטער קריג, אויף דעם אייראָפּייאישן קאָנטינענט. די אָנפירער פון פּלמ״ח זענען געווען די חלוצישע וועט־עראנען, וועלכע האָבן ישראל אויסגע׳חלומ׳ט דורך מעשים און בראָטן זיך אויף דער זון, אין די הייסע טעג, ביי שווערע ארבעט און ציטערנדיק פון קעלט אין די קילע נעכט, אין זייערע פּאַלאַט־קעס. זייער מיליטער סטאַזש האָבן זיי דערוואָרבן, אָנפירנדיק מיט די הגנה אָפּטיילונגען, מיט די „השומר“ אָפּטיילונגען און אין די אומ־אויפהערלעכע קאמפן, וועלכע דער ישוב האָט געפירט פאר דער

צייט פון זיין בויען זיך — מיט די אראבישע אנפאלער. די פלמ"ח מענטשן, וועלכע האבן אין טאג טעגלעכן לעבן געהאט זייער אויפ־פאסונג פון איבערגעשטאלטונג פון עקאנאמישן און געזעלשאפט־לעכן לעבן אויף א גאנץ אנדער געבוי, האבן אויך דעם גייסט אריינ־געבראכט אין זייער מיליטער לעבן.

און כאטש דער פלמ"ח איז דערנאך ליקווידירט געווארן אלס א זעלבסטשטענדיקע מיליטערישע קערפערשאפט, זענען זיינע חברים געבליבן געטריי צו זיין אידעאל און צו זיינע פרינציפן.

דאס לאנד האט געאטעמט מיט דער מלחמה. די לידער און פא־עזיע שאפונג, האט געפארעמט דעם העלדישן גייסט פון אידישער גבורה, פון ישראל ישוב. די לידער האבן באזונגען די העלדישקייט פון די אידישע קעמפער. עס האט זיך געמערט די מלחמה ליטערא־טור, וואו עס איז אפגעשפיגלט געווארן דער קאמף פון ישראל פאר איר פרייהייט. אבער כאראקטעריסטיש, ווי די שעפערישע, גייס־טיקע חלוצישע ווערטן, האבן באהערשט דעם מין אפטיילונג פון ליטעראטור, וועלכע האט געזוכט דעם וועג, — און אפשר עס גלייך געפונען — פון ארויסברייינגען דעם נייעם טיפ אידישן זעלנער, אין אפשפיגלונג פון חלוצישן גייסט.

זעלנער! — איבער גאר דער וועלט איז א זעלנער דער וועל־כער גייט ארויס פון דער געזעלשאפטלעכער נארמאלער לעבנ'ס אטמאספער און גייט אריבער אין א קאזארמע לעבן, פון באפעלן און אפטמאל פון אויסשטיין דערנידעריקונגען און גייסטיקע אפ־טעמפונג, אין אן אטמאספער וואו מען לערנט אים א גאנץ באזונדער לערע פון מיליטערישן לעבן, מאראל א. א. וו.

אין ישראל איז דאס ניט פארגעקומען. אין ישראל האט ניט געקענט אויפשטיין א „סאלדאטן" מחנה, מיט א „סאלדאטן" מא־ראל און „סאלדאטן" לערע. דער גייסט פון עם ישראל, דער גייסט פון חלוצישן אויפבוי אין ישראל, דער גייסט פון אונזערע עטישע, גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן האבן געלייגט זייער חותם אויף דער אידישער ארמיי.

עס איז ניט אויפגעשטאנען קיין אידישע „סאלדאטן" ארמיי, עס איז אויפגעשטאנען א גרויסע מחנה פון ארגאניזירטע חלוצים, וועלכע האבן געמוזט נעמען וואפן אין האנט, בכדי צו נעמען

נקמה פאר די אויטאָ־דע־פעס אין שפּאַניע, פאר טרעמבלינקע, אָש־וויענטשים און מאידאנעק. עס איז אויפגעשטאַנען א חלוצישע מחנה מיט וואפן אין האנט, וועלכע האט געדארפט דערמאָנען דער וועלט, וועלכע איז פארכליניעט געוואָרן אין איר דאָרשט נאָך רויב און מאָרד, א ז א ז ו י ווייטער קען עס ניט גיין. און אפשר וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אז נאָך דעם ווי די וועלט האָט נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה, אפילו ניט געפּרואווט מאכן דעם מינדסטן פרואוו צו פאררעכטן איר אָפּגעטאָענע רציחה, האָט די אידישע אויפגעשטאַנענע חלוצישע ארמיי — געשליידערט איר באַ־שולדיקונג דער רויבערישער וועלט אין פנים און אָנגעזאָגט, אז אַזוי ווייטער קען עס ניט גיין.

זי האָט אָנגעזאָגט דער וועלט, אז די פּרואוון פון טאָן אומ־רעכטן אויף ווייטער צו עם ישראל וועט ניט געלינגען.

די ישראל ארמיי האָט אָנגעזאָגט צו ערשט דער בריטישער אימפעריע, אז אויב זיי זענען א ביבל פאָלק, איז זאָלן זיי האלטן פון די עטישע לערעס פון יושר און גערעכטיקייט.

די ישראל אַרמיי האָט אָנגעהויבן א נייע ערא אין דער געשיכ־טע פון אידישן פאָלק, פון וועלט פעלקער און אויפן מיטעלן נאָענטן מזרח.

# אין דער אויסגעליידיקטער יפו

פון קרית מאיר בין איך אָנגעקומען קיין יפו. אונזער מיליטער אָפּטיילונג, צו וועלכער איך בין אָנגעשלאָסן געוואָרן האָט געקראָגן די אויפגאבע צו באַוואַכן פאַרשיידענע פּלעצער אין די אָקאָרשט באַפרייטע אַראַבישע שטעט. אין אַן אויסגעליידיקטע גרויסע אַראַבישע הויז האָט זיך איינגעקוואַרטירט אונזער שטאַב און די אָפּטיילונג.

יפו איז געווען בוכשטעבלעך פּוסט. פּאַרצוימונגען האָבן אָפּגעצאַמט יפו פון תל אביב, וועלכע גיסן זיך פּראַקטיש צוזאַמען. אויף יעדע גאַס, אויף יעדער געביידע דראָט און דראָט אָפּצוימונגען. יפו מיט איר אויסזען, סטיל און פּאַרנעם איז אַן אמת'ע אָריענטאַלישע שטאָט. די „בוסטרוס" גאַס, די הויפּט גאַס, מאַכט זייער אַ שיינעם איינדרוק. אַ בוימער אַלייע שניידט דורך די מיטן גאַס. די הייזער אין לוקסוס און קאָמפאָרט געבויט און איינגעריכטעט. אין יפו האָט געוואוינט די אַראַבישע בורזשואַזיע. דאָ זענען געווען פיל שטאַרק רייכע אַראַבער. יפו איז געווען די שטאָט פון אַראַבישן פעאָדאַלן סיסטעם און דער פּלאַץ פון לאָזן זיך וואוילגיין אין אַ גוטן לעבן.

פון דער הויפּט גאַס נידערן אַראָפּ גאַסן, וועלכע פירן אין דער טיף פון שטאָט און פון פיל עקן נידערן זיי אַראָפּ ביז צום ים. דער ים שווייַנקט די ברעגן פון יפו, וועלכע גרענעצט פון איין זייט מיט תל אביב און פון צווייטן זייט מיט בת ים און חולון. יפו איז געווען דער נעסט פון אַראַבישע רציחות און וואַנדאַלישע אַקטן, פונוואַנען תל אביב איז אָפּט באַשאָסן געוואָרן.

יפו איז איצט פּוסט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. עס איז פאַרטריבן געוואָרן דער בייזער גייסט — בעסער געזאָגט, ער איז אַליין אַוועק.

די אַראַבער זענען אַנטלאָפן אין בהלה, איבערלאָזנדיק דעם עסן זיך קאָכנדיק אויף די פּרימוס מאַשינקעס. אַ קליינער, גאָר קליינער טייל פון אָרעמן קלאַס איז פאַרבליבן און זיי האָבן ניט דערלייגט צו דעם.

מיר האָבן זיך איינגעקוואַרטירט אין דער פּוסטער יפו, וועלכע האָט סימבאָליזירט דעם פאַרשפּילטן מלחמה מארש פון די אראַבישע אַרמייען.

די אידן האָבן קיינמאָל ניט געפּלאַנט צו אַרויסטרייבן די אראַבער. זאָלן זיי עם פאַרדאַנקען זייערע בלוט זייגערישע עקספּלאָאַטאַטאָרישע אָנפירער, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט קאַפּיטאָלן און וואוינען איצט אין די שכנות׳דיקע אַראַבישע לענדער.

שטיל און אימה׳דיק קוקן אירע אַלטע און נייע שיין מאָדערן געבויטע הייזער.

דאָס איז די פּרוכט פון אייער אַרבעט, איר האָט ווינט פאַרזייט און שטורעם געשניטן!

אין קאַלטע נעכט שטייענדיק אין יפו אויף שמירה, פלעגן זיך צוהערן די אויערן צום שימער פון ווינט. עס האָט זיך געדוכט ווי דער ווינט דערטראָגט דעם קול פון אַראַבישן יפו, וועלכער איז פאַרשוואונדן אויף אייביק פון זיין שטאָט.

אויפרייסן פון איבערגעלאָזטע מינעס, פלעגן אויפטרייסלען די שטילקייט פון דער נאַכט. עס פלעגן זיך צעפאַלן גאַנצע פליגלען פון אַפגעריסענע ווענט און די חורבנות וועלכע יפו האָט באַקומען פון איר איבערגעגאַנגענעם שטורעם פעריאָד פלעגן זיך פאַרמערן. אין דער פּוסטער יפו, האָבן זיך אָנגעהויבן איינקוואַרטירן פאַרשיידענע מיליטערישע אינסטאַנצן. דער פאַרפאַסטן פאַר דער אויפלעבונג פון שטאָט, האָט שוין אַריינגעמאַרשירט, דאָס איז די אַרמיי און שפּעטער איז אויך געקומען די ציווילע באַפעלקערונג.

פּאַראַלעל מיט די אָנשטרייגונגען פון ישוב פאַר מאָביליזירן און שולן אַ מאָדערנע אַרמיי, פּאַראַלעל מיט דעם הייסן באַגער און אָנשטרייגונג צו דעראָבערן די · גרענעצן פון מדינת ישראל אויף אייביק, איז אָנגעגאַנגען אַן אָנשטרייגונג אין אַ צווייטע ריכטונג, וועלכע איז ניט געווען ווייניקער וויכטיק. דאָס איז אַריינברייגען אין לאַנד הונדערטער טויזנטער נייע עמיגראַנטן בעת דער מלחמה צייט. דאָס איז געווען נויטיק בכדי זאָפאָרט צו קענען באַזעצן די אויסגעליידיקטע שטעט און דערפער פון די אַנטלאָפענע אַראַבער, בכדי צו פאַרגרעסערן דעם פּאָטענציעלן כוח פון ישוב און שאַפן קאַדרען פאַר דער אידישער אַרמיי. אויך אויף דעם געביט איז אָנגעגאַנגען אַ ריזיקע אָנגעשטרייגטע אונטערנעמונגס אַרבעט. איבער די

ימ'ען האָבן זיך געטראָגן שיפן וועלכע האָבן געבראַכט אין לאַנד הונדערטער טויזנטער עולים. דורך דעם שונא'ס בלאָקאַדע, דורך כלערליי שוועריקייטן, זענען די נייע עולים אָנגעקומען אין לאַנד און ווי אַ שפּאַרנדער שטראָם האָבן זיי פאַרפולט די אויסגעליידיקטע אראבישע שטעט און דערפער. הונדערט טויזנט סערטיפיקאַטן האָבן מיר געמאָנט און געבעטן פון דער וועלט, פאַר די אויסגעוואָרצלטע אידן, פאַר די נאַצי קרבנות. די וועלט האָט אפילו אַזאַ פאַרגיטיקונג אונז נים געוואָלט געבן און דאָס איז געווען פאַר אונז צו גונסטן. מיר האָבן געזען, אַז מיר האָבן זיך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן.

פאַר מיינע אויגן איז יפו פאַרפולט געוואָרן מיט די אָנקומענדע אידן. פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה, האָבן טויזנטער און טויזנטער אידן פאַרפולט די פוסטע הרובע גאַסן פון יפו. שנעל זענען רעמאָנמירט געוואָרן די הייזער. שנעל איז אָנגעגאַנגען די ארבעט פון אָנפילן מיט לעבן די פוסטע יפו. איבערנאַכט, פלעגן פאַרפולט ווערן די גאַסן. די הייזער פלעגן אויפלעבן. די גאַסן זענען באַצייכנט געוואָרן מיט נעמען.

די דאָן אָנגעקומענע עולים האָבן גענאָסן פון דער מעגלעכקייט פון קענען שנעל זיך איינאָרדענען. זיי האָבן באַקומען וואוינונגען און ארבעט. דערנאָך געשעפטן און ווארשטאַטן. די אַממיינסטנס געלימענע האָבן געקראָגן ווי אַ געוויסע קאָמפּענסאַציע פאַר זייערע ליידן, אַ מעגלעכקייט פון קענען זיך שנעל איינאָרדענען.

און עס איז פאַר מיך נאָך אַמאָל קלאָר געוואָרן די ווייט זעעוודיקע פּאָליטיק פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אין זיינער צייט די אַזוי גערופענע „יציאת אייראָפּע". די אידן אויסגעמאַטערטע פון אַזוי פיל ליידן און וואַלעגישן וואָלטן אין אַנדער פאַל פאַרבליבן אויף זייערע פלעצער.

עס וואָלט ניט אויפגעקומען קיין ציפערן. עס וואָלט ניט געווען וואו צו נעמען די קאַדרען פאַר שטורעמען די ברעגן פון ישראל און אָנצופילן דער אידישער ארמיי אין איר אַנטשטייאונגס פּראָצעס און ווייטער ביים באַזעצן די אויסגעליידיקטע פאַרלאָזטע פלעצער אין ישראל. עס ווילט זיך דערביי דערמאָנען: מיר זינדיקן — פשוט געזאָגט, גאַנץ אָפט, מיט אונזערע פאַרשיידענע שטוביקע פּאָליטיק מאַכעריי און ניט

נוצלעכע דיסקוסיעס איבער ישראל פּראָבלעמען, אין דער צייט ווען אונזערע אָנפירער, האָבן ווייט זעעוודיקע בליקן. אזוי איז עס געווען, מיטן צוגרייטן „יציאת אייראָפּע“ און אזוי איז עס איצט, מיטן אָר־גאַניזירן דעם גרויסן שטראָם פון עמיגראציע קיין ישראל.

אונזערע פירער זעען פאָרויס, אז די צוקונפט איז גאָר ניט אזוי רואיק פאר דער וועלט בכלל און פאַרן אידישן פאָלק בפרט. אונז שטייען נאָך פאר אין דער צוקונפט גרויסע געשעענישן און דעריבער טראָץ דער עקאָנאָמישער שווערער לאגע אין ישראל, גייט אהין א שטראָם פון הונדערטער טויזנטער נייע עולים, דאָס זענען קאדרען פאר דעם לאנד, קאדרען פאר דער ארמיי, קאדרען פאר התישבות, קאדרען פאר יעדער עווענטועלער געשעעניש...

און דער גלות דיסקוטירט וועגן ישראל, רעדט ווי וועגן שוין אן אָפּגעטאָענע זאך. פאַרן אידן נאָך ישראל אלס טוריסטן און דער־ציילן וועגן אלע מעגלעכע קליינלעכקייטן, דערציילן וועגן דעוויזן און וואלוטע, וועגן פּראָפּיטן און הכנסה מעגלעכקייטן און וועגן וואָס איך ווילט נאָר. וועגן איין זאך פארגעסט מען צו דערציילן: אז אין ישראל גייט אָן ווייטער א מלחמה, א מלחמה פאר אָפּשלאָגן די געפארן, א מלחמה פאר פארפעסטיקן א ערשט נאָך פרישן נצחון, א מלחמה פאר אויפשטעלן אונזערע פארלאָרענע פּאָזיציעס זייט צוויי טויזנט יאָר, א מלחמה — אָן א גוזמא געזאָגט — אויף טויט און אויף לעבן!

# מיט דעם בורמאַ וועג קיין ירושלים

איך בין אַ ישראל זעלנער אין פולן זין פון וואָרט. כאַקי הויזן און אַ כאַקי העמד, שטאַרק געבויטע שיך, שטרימפּעס, אַ גרינער רוק־זאַק, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ פּאָר לאַנגע כאַקי הויזן, וועש צום בייטן און אַנדערע סאָלדאַטן קלייניקייטן. דער נומערירטער סטען איז פאַרשריבן אויף מיין נאָמען. איך בין אַ „בעל הבית" פון אַ סאָל־דאַטן ווירטשאַפט. אין קעשענע טראָג איך מיין נומערירטן סאָל־דאַטן ביכל.

איבער דעם גאַנצן לאַנד זענען איינגעאָרדנט געוואָרן מיליטער קאָנטראָלן.

גרויסע מיליטער אָפּטיילונגען פלעגן אָפּשליסן גאַנצע קוואַר־טאַלן פון שטעט און קאָלאָניעס, דורכקאָנטראָלירן יעדן איינעם כדי פעסטשטעלן צו איז ער אין אָרדענונג מיט זיינע פליכטן צום צו־שטעלן זיך צום מיליטער דינסט.

אין תל אביב, אין דער גרויסער אידישער שטאָט פון קרוב אַ פערטל מיליאָן אידן איז איינגעאָרדנט געוואָרן „עוצר" — דאָס איז מיליטער אָפּשפּערונג. פילע מיליטער אָפּטיילונגען האָבן אָפּגע־שפּערט תל אביב אין אירע אַלע וועגן און ארויסגאַנגען און האָבן דורכגעקוקט יעדע הויז, יעדע גאַס און געסל. ישראל קאָנטראָלירט אי־רע איינוואוינער, אירע קינדער. מען צערעמאָניעט זיך ניט, מען האַלט ביי פּרשה „פּקודים".

דער שטילשטאַנד האָט זיך געענדיקט און די אידישע ארמיי איז איבערגעגאַנגען אין אָפענסיווע. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געאָטעמט מיטן ריטם פון מלחמה און באַגער נאָך נצחון.

דער גורל פון אידישן פאָלק איבער גאָר דער וועלט, האָט זיך געלייגט אויפן וואָגשאָל פון מלחמה. איך ווייס ניט צו האָבן עס גע־פילט די אידישע ישובים איבער גאָר דער וועלט, צו האָבן זיי באַ־גריפן, אין דעם פולן פאַרנעם די ערנסטקייט און גורל'דיקייט, פון דער דעמאָלטדיקער סיטואַציע אין ישראל. דאָס איז געווען דער דעציִדירנסטער און אַנטשיידנסטער קאַמף, וואָס אידן האָבן געפירט פאַר דער צייט פון זייער צוויי טויזנט יעריקן גלות.

דער ישוב האָט עס באגריפן. דאָס גאנצע לאנד איז פארוואנדלט געוואָרן אין איין געאייניקטער געמיינדע. ניט געווען קיין הויז וואו ווער זאָל ניט זיין אין דער ארמיי. ביי וועמען א זון, ביי וועמען א ברודער, א שוועסטער, צו א מאן, א פאָטער פון קליינע קינדער, א חתן, א פריינט אָדער ווער אנדערש. די איבערגעבליבענע פרויען אין דער היים, פלעגן אין די פרייע שעה'ן העלפן אויספארטיקן קליידונג פאר זעלנער.

ביינאכט איבער דעם וויגל פון א קליין קינד, פלעגט א פרוי ביים פארוויגן איר עופה'לע זינגען אין דער שטיל א ליד פול מיט ביינקשאפט נאָך איר מאן און אומרו פאר זיין גורל און פארן גורל פון גאנצן לאנד.

טרויעריקע ידיעות פלעגן פון צייט צו צייט אָנזאָגן וועמען עס איז, וועגן טויט פון זייער נאָענטן אין משפחה. עס האָט זיך אָבער ניט געהערט דאן דער אזוי כאראקטעריסטישער יאָמער פון אידישן קול אויף זיינע צרות. עס פלעגן טרערן אין דער שטיל אראָפּגעשלונגען ווערן און דער ווייטאָק פלעגט זיך אריינרייסן טיף אין נשמה.

עס זענען געפאלן קרבנות פון אידישן צד, אָבער די ארמיי האָט זיך פארפעסטיקט און געוואָקסן אין כח, אָרגאניזאציע און מיליטערישער אויסשולונג און אויסשטאטונג.

ס'איז אויסגעוואָקסן א מיליטערישער לופט פלאָט, וועלכער האָט אין זיינע ערשטע אקציעס באוויזן צו באָמבארדירן רבת־עמון, קאירא און די אראבישע פּאָזיציעס. עס זענען פאראיבער די ערשטע מלחמה צייטן, ווען מען האָט פון איין עראָפּלאן באשאָסן די אראַבישע פּאָזיציעס. עס זענען פאראיבער די ערשטע מלחמה צייטן, ווען מען האָט פון אן עראָפּלאן אראָפּגעוואָרפן אויף די אראבישע פּאָזיציעס א פעסל מיט אויפרייס מאטעריאל אָנשטאָט א באָמבע, וועלכע איז ניט געווען. אָדער, ווען דער קריגס מיניסטער האָט פאראָרדנט צו שיקן די ווייניקע שווערע ארטילעריע נאָכן באשיסן איין פּאָזיציע, צום באשיסן א צווייטע פּאָזיציע, בכדי צו ציינן די אראבער, אז די אידן האָבן ארטילעריע אויף אלע פראָנטן... דער מיליטערישער כוח פון דער אידישער ארמיי האָט זיך געשטארקט און איז געוואָקסן. עס איז געלייגט געוואָרן אין דער שטיל די היסטאָרישע בורמא וועג, בכדי צוצוקומען קיין ירושלים.

א באזונדער העראָאישן קאפיטל פארנעמט דער אויסדויער פון די ירושלימער אידן. וואָכן און מאָנאטן אָן וואסער און אָן ברויט האָבן זיי אויסגעהאלטן. די בורמא וועג איז געלייגט געוואָרן לויט דעם פלאן פון אומגעקומענעם גענעראל מארקוס. נאָענט פון די אראבישע פאָזיציעס, איז געטאָן געוואָרן די ארבעט בייטאָג און ביינאכט.

איך בין געפאָרן פון די ערשטע דורך דער בורמא וועג קיין ירושלים. א וואונדערבארע קאָמבינאציע פון העראָאישקייט און טעכניק איז געוויזן געוואָרן ביים בויען דעם וועג. דורך בערג און נידערפאלן, משופע'דיקע אראָפּנידערונגען, שלענגלט זיך דער וועג. נאָר ספּעציאליסטן שאָפערן האָבן געקענט אויף אזא וועג פאָרן. לאנגע קאראוואנען פון עסנווארג, מעדיקאמענטן א. א. וו. פלעגן זיך ציען פאר דער אויסגעמאטערטער ירושלים. כ'וועל קיינמאָל ניט פארגעסן מיין באזוך אין ירושלים. וואָס פארא באצויבערנדן איינדרוק עס מאכט אויף דיך די שטאָט פון אונזער עבר און צוקונפט. העל און דורכזיכטיק איז די לופט דאָרט. א שטילקייט רוט אין אירע שמאָלע גאסן און אויף די שפאצירנדע. א ירושלימער איד אונטערשיידט זיך אין זיין באַנעמונג, ריידן און ארט לעבן פון אן אידן פון אן אנדער טייל ישראל. עס זעט אויס ווי ער וואָלט זיך צוגעפאסט צום אָרט וואו ער וואוינט, צו זיין ראוי צו טראָגן דעם נאָמען — ירושלימער.

ירושלים איז געווען דאָרשטיק נאָך וואסער און אויסגעהונגערט נאָך ברויט. אין א ריי פלעגן ירושלימער שטיין מיט קריג, צו קריגן אויסגעטיילט זייער ראציאָן וואסער פון עטלעכע צענדליק ליטער, וועלכע האָבן געדארפט קלעקן צום טרינקען, וואשן זיך און קאָכן.

ירושלים! די סטאַלינגראַד פון ישראל!

ירושלים! דער סימבאָל פון העראָאישקייט און אָפּפערוויליקייט, קיינמאָל וועסטו ניט זיין אָפּגעטיילט פון מדינת ישראל.

# אין דער קאַוואַלעריע פון דער ישראל אַרמיי

די לאַגע אויף די פראָנטן האָט זיך אין גאַנצן געביטן. די אידישע אַרמיי איז אויסגעוואַקסן צו א דעצידירנדיקן כוח. די אראבער האָבן שוין מער ניט געקלערט וועגן נייע אָפענסיוועס. זיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט אויף די ערטער, וואו זיי זענען געשטאַנען. זייער אוויאַציע איז מער ניט געפלויגן פריי איבער די ישראל הימלען, ווייל זיי צו באַגעגענען איז געשטאַנען שטענדיק גרייט א מעכטיק אויסגעוואַקסענער ישראל לופט פלאָט, וועלכער האָט געהערשט איבער די ישראל הימלען. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ ים פלאָט, וועלכער האָט באַוואַכט די וואַסערן פון ישראל און א יבשה אַרמיי. די אַרמיי האָט געמאַכט די פּלענער פון געבן דעם ענטגילטיקן קלאַפּ דעם שונא.

איך האָב מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך באַמיט, אז מען זאָל מיך אַריבערפירן אין א קאַמפ'ס אָפּטיילונג, ווייל מיין אָפּטיילונג, וואַ־כ'בין אַנגעשלאָסן געוואָרן האָט ניט געהאַט קיין קאַמפ'ס אַנגעהעריקייט. דאָס איז מיר אָנגעקומען שווער.

די אידישע אַרמיי האָט שוין אָפּגעלערנט דעם האַרבן געזעץ ווי אין אַנדערע אַרמייען, אז פון איין פאָרמאַציע איבערגיין צו דער צווייטער איז אוממעגלעך, מעג עס זיין אפילו פאַרבונדן מיט וועלן נעמען אויף זיך שווערערע פליכטן.

מיט פיל שוועריקייטן, האָב איך א דאַנק דער שתדלנות פון הויפּט שטאַב פון פּלמ"ח, וועלכער האָט געשריבן א ספּעציעלע ביטע אין הויפּט קוואַרטיר פון דער אַרמיי — איבערגעפירט געוואָרן אין פּלמ"ח. איך געהער צום אַכטן גדוד פּלמ"ח, צוועלפטע חטיבה, וועלכע האָט זיך געפונען אין באר יעקב.

פאַרן אוועקגיין פון מיין אָפּטיילונג, האָט מיך געזעגנט מיין נאָענטסטער קאָמאַנדיר, אַן אונטער אָפיצער, אַן איד פון בולגארישן אָפּשטאַם, מיט שוואַרצע גרויסע וואָנצן. ער האָט מיך געדריקט די האַנט און געזאָגט: זאָל מען זיין דאָרט, וואוהין דו גייסט אַריבער, אַזוי מפסד פון דיך (צופרידן הייסט עס), ווי מפסד מיר זענען פון דיר געווען. זיינע ווערטער האָבן מיך געפרייט.

אזוי ווי איך האָב נאָך אין פוילן געדינט צוויי יאָר אקטיוון מיליטער דינסט אין קאַוואַלעריע אָפּטיילונגען, האָב איך פארלאנגט אריבערגעפירט צו ווערן אין א קאוואַלעריע אָפּטיילונג. די אידישע קאַוואַלעריע האָט זיך אָנגעהויבן דאַן נאָך ערשט אָרגאַניזירן. אויפן צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקום אין פּלמ"ח בין איך אָנגעשלאָסן גע־וואָרן אין אַ קאַוואַלעריע אָפּטיילונג. אראבישע פערד, הייס בלוטי־קע, זאָטלען פון נייעם לעדער און די גאנצע אויסשטאַטונג, וועלכע אַ קאַוואַלעריסט דאַרף, האָבן פאָרמירט דעם אָנהויב פון די אי־דישע קאַוואַלעריע אָפּטיילונגען. די אָנפירער זענען געווען פּראַקטי־צירט אין דעם מיליטער פאַך נאָך פון די „השומר" אָפּטיילונגען, אַ טייל אויך פון פּראַקטיק דורך דינען אין די זעלבע אָפּטיילונגען אין אויסלענדישע אַרמייען.

ביי דער געלעגנהייט האָבן זיך דערמאָנט די יאָרן פון מיין די־נען צוויי יאָר אין פוילישן פינפטן קאַוואַלעריע פּאָלק, וועלכער האָט זיך קוואַרטירט אין שטאָט אסטראַלענקע, פּופּציק קילאָמעטער נעבן דעם דייטשישן מזרח פּרייסישן גרענעץ.

איך בין אין פּוילן געווען געוואָרן אַלס פוילישער בירגער צום אקטיוון מיליטער דינסט. אוועק ווייט פון דער היים, פון פאמיליע, אין א ווייטן געגנט צווישן פרעמדע מענטשן און צו א גאַנץ אַנדער אַרט לעבן. איך האָב אָבער דאַן אַלס מענטש מיט דיסציפּלין און ווילן צוצופּאַסן זיך צו פאַרשיידענע באַדינגונגען אין לעבן, געוואָלט מיטן גאנצן הארצן און יוגנט ברען דערפילן טריי מיי־נע פליכטן. די אַטמאָספער אָבער פון פוילישן מיליטער איז געווען אַ זעלנערישע אין פולן זין פון וואָרט. די טאַקטיק פון פוילישן מילי־טער אָנפירונג איז געווען צו פאַרבייטן פאַר די צוויי יאָר צייט דעם מענטש אין אַ זעלנער, וועלכער דיינקט זעלנעריש, פילט זעלנעריש און פאַרגעסט דערביי אָן זיין גאנצן מענטשלעכן וועזן. און אויב זיי האָבן עס געטאָן אזוי אין אַלגעמיין מיט די זעלנער, האָבן זיי ספּע־ציעל עס אָנגעווענדעט צו די אידישע זעלנער. די דערנידעריקונגען און סאַדיסטישע רדיפות, וועלכע די אידישע זעלנער האָבן זיך אויסגעשטאַנען, איז געווען ניט צו באשרייבן. „זשיד", האָט מען גע־הערט אויף יעדן שריט און טריט. אַלע שמוציקע אַרבעטן, האָבן די אידן געדאַרפט אויספירן. אַ יונגער אָפיצער האָט צו מיך איינמאָל געזאָגט בשעת אַדורכמאַכן איבונגען, אָנווייזנדיק אויף אַן אידישן

זעלנער, וועלכער האָט ניט אַזוי גיך באַהערשט די איבונגען: וואָס שווער אַן איד זאָל זיין אַ זעלנער? און דער קאָמאַנדיר פון פאָלק, האָט איינמאָל, ווען אים איז ניט געפעלן געוואָרן די אַדורכגעפירטע פאַר אים איבונגען, געזאָגט בזה הלשון: ווען אידן וועלן האָבן אין „פאַלעסטינע" אַן אייגענע מלוכה, וועלן זיי מאַכן אַזוי די איבונגען, ווי איר מאַכט עס איצט, אָבער איר זייט פוילישע זעלנער און אַלס אַזעלכע דאַרפט איר די זאַך מאַכן בעסער. און אַליין איז ער געווען דערביי באַזויפן און באַטרונקען. דאָס וואָס עס איז אויסגעקומען דאַן אויסצושטיין פאַר די צוויי יאָר מיליטער דינסט איז ניט צום באַשרייבן און דאָס האָט אַלעס פּאַסירט ווען מ'האָט דיך אָנפאַרטרויט אַ ביקס אין האַנט און געלערנט די קונסט פון פאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

אין יאָר 1939 ווען עס פאַנגט זיך אָן די דייטשיש פוילישע קריג, האָב איך צוגעזען מיט מיינע אויגן דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער דעמאָלסטדיקער פוילישער אַרמיי. איך האָב געזען דעם זעלבן פּאָלקאָווניק און יונגן אָפיצער, וועלכע האָבן אַזוי גערעדט מיט שוים אויף די ליפּן וועגן „זשידאָווסטוואָ", ווי נעבעכדיק עס איז געווען זייער אויסזען. און אָט איז טאַקע אויפגעשטאַנען אַן אידישע אַרמיי און עס איז דאָ אידישע קאַוואַלעריע. ווייס איך ניט ווי וואָלטן אויסגעזען אין די אויגן פון דעם אַנטיסעמיטישן פּאָלקאָווניק, דער אופן פון איבונגען, וועלכע עס פירן אַדורך די אידישע קאַוואַלעריע אָפּטיילונגען, אָ ב ע ר איך ווייס, אַז ער איז אונטערגעגאַנגען מיט חרפּה, אָן קאַמף און די „זשידאָווסקע" אַרמיי האָט באַזיגט די אַרמייען פון זעקס אַראַבישע פעלקער.

איז אָט, נאָך יאָרן וועלכע זענען פאַראיבער, ווען דו ביסט מגולגל געוואָרן אין ווייטע געגנטן, אויף אוראַל אין רוסלאַנד, וואו מען האָט געאַרבעט ביים בויען אייזנבאַן ליניעס פאַר דעם נצחון איבער דעם דייטשישן שונא; נאָך יאָרן פון אַזוי פיל וואַנדערונגען און איבערלעבונגען פּריוואַטע און פון גאַנצן פאָלק צו וועלכן דו געהערסט, ווען די געבורט'ס היימען זענען אָפּגעמעקט געוואָרן און די שוידערלעכסטע פּאַסירונגען האָבן פאַרלאָפן דעם וועג איינע די אַנדערע, — שטייסטו איצט אין ישראל, אין באַר־יעקב, ביים פּלומפּ און האַלסט ביים צוים אַ פערד וועלכער טרינקט

פריש וואסער. דערנעבן נאָך פיל אידישע סאָלדאטן, אי־
דישע קאוואלעריסטן פון דער אידישער ארמיי. ארום ליגן צע־
לייגט קיבוצים און עס ציען זיך פעלדער, פרדסים באלאָדענע מיט
צייטיקע אפעלסינען, א י ד י ש ע מיידלעך אין סאָלדאטן
חלוצות, דרייען זיך ארום דערנעבן, אויספילנדיק פארשיידענע
מיליטערישע פונקציעס אין לאגער. ווערסט פארכישופט פון דעם
אלעם, ווי פון גוטן וויין. ווילסט אויסשרייען הויך דעם אויסגעשריי
פון נצחון, פון טריאומף, פון באזינגן דעם טוימ!

# דער ענטגילטיקער נצחון

ווי מיר האָבן דערמאָנט, איז די ישראל ארמיי איבערגעגאַנגען אין אָפענסיווע. באפרייט דאָן רמלה, לוד מיט דעם פלי פלאץ. עס איז פריי געוואָרן דער וועג צום נגב, ירושלים האָט אויסגעברייטערט איר צוטריט צו די אַרומיקע אידישע קאָלאָניעס.

די לאַגע אויף די פראָנטן האָט זיך אין גאַנצן געביטן. די אידישע ארמיי איז אויסגעוואַקסן צו א דעצידירנדיקן כוח און די אראַבער האָבן שוין מער ניט געקלערט וועגן נייע אָפענסיוועס. זיי האָבן זיך פארפעסטיקט אויף די ערטער, וואו זיי זענען געשטאַנען. זייער אַוויאַציע איז מער ניט געפלויגן פריי איבער די ישראל הימלען, ווייל אום זיי צו באַגעגענען איז געשטאַנען שטענדיק גרייט אַ אויסגעוואַקסענער ישראל לופט פלאָט, וועלכער האָט שוין געהערשט איבער די ישראל הימלען.

דאָן קומט דער צווייטער פייער איבעררייס און ווידער מיליטערישע אקציעס פון באַפרייען דער אידישער טעריטאָריע. שפּעטער קומט די אקציע פון באפרייען דעם נגב און די אידישע ארמיי דרינגט אַריין אויף דער עגיפּטישער טעריטאָריע. דאָן הייבט זיך שוין די „אָנו״ אויסגלייכן די צדדים און ווען זיי טוען ניט די געפּעלינקייט, וואלט די אידישע העלדישע ארמיי דערגאַנגען ביז די הויפּט שטעט פון די אראַבישע אימפּעריעס, וואו עס הערשט רויב און קאָרופּציע, אונטערדריקונג און אויסנוצעריי. די אידישע ארמיי וואָלט אַריינגעטראָגן אַהין ליכט און קולטור. און עס וואָלט אפשר בדאי געווען עס צו טאָן, אָבער די פאַרמיטלער זענען ריר־עוודיק איצט. מען פאַרמיטלט, מען גלייכט די צדדים.

עס איז שטיל געוואָרן אויף די פראָנטן, דאָס לאַנד האָט אָן אָטעם פּריזע געמאַכט, די האַרמאַטן און ביקסן קאַנאָנאַדע האָט אויפגעהערט. אָבער מ׳ט באַוואַכן די פעלקן און בריגאַדעס טאָג און נאַכט די פּאָזיציעס. עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פון פולשטענדיקער זיכערקייט. ב ײ נ ק ע ן כ ל ו ת נאָך זייערע באַשערטע, וועלכע טראָגן נאָך דעם זעלנער שינעל, קוקן מאַמעס

אוים זייערע זין און טעכטער, וועלכע געפינען זיך אויף די פראָנטן און וועמען מען לאָזט נאָך א היים ניט.

און פאַראן מאַמעס און שוועסטער, ברידער און כלות וועלכע וועלן שוין קיינמאָל ניט זען זייערע אויסדערוויילטע. זיי זענען געפאַלן אויף די שלאַכט פעלדער, אויף דעם מזבח פון באַפרייאונגס קאַמף פאַר דער אידישער זעלבסטשטענדיקייט. ניט נאָר פאַר דער ישראל מדינה זענען זיי געפאַלן, נאָר פאַר דער שטאָלץ און פרייהייט פון אידישן פאָלק איבער דער גאָרער וועלט, פאַר מיך איז פאַר דיר, פאַר אונז און פאַר אייך אַלעמען. זאָלן מיר שטאָלץ טראָגן זייער נאָמען!

האָט ביי האַנט מיט דעם מלחמה קאַמף, איז אָנגעגאַנגען אויך דער אויפבוי פראָצעס פון דער אידישער מדינה. עס האָבן געדונערט די האַרמאַטן אויף די פראָנטן און איבער די ים'ען האָבן זיך געטראָגן שיפן מיט עולים. אין די הונדערטער טויזנטער זענען זיי אָנגעקומען אין צייט פון קריג, עס ווייס נאָך קיין לאַנד ניט פון אַזאַ ביישפיל, אז אין צייט פון איר באַפרייאונגס קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט זאָל זי אויך פירן דעם קאַמף אין דער ריכטונג, פון פאַרגרעסערן כמעט נאָך אמאָל אַזוי פיל איר צאָל מענטשן אין איר מדינה, פון אויפשטעלן נייע ישובים, פון בויען נייע בנינים, פון אויסברייטערן און פאַרגרעסערן איר פאַרנעם אין באָדן, צאָל ישובים און מענטשן כח. און אפשר איז אין דעם באַשטאַנען דער כוח פון אונזער נצחון. דער דרוק און אימפעט, פון שפּאַרן אויף די ברעגן פון לאַנד, האָבן געשטופּט צום מאַרשירן פאָרויס, צו פריי מאַכן דעם וועג פאַר די אָנקומענדע. מיט דעם פאַרענדיקן זיגרייך דעם באַפרייאונגס מאַרש, האָט אין א קורצע צייט אַרום דער ישוב געפייערט זיין ערשטן מיליאָן איינוואוינער אין מדינת ישראל.

# זאָרג פאַר די דעמאָביליזירטע זעלנער

ווי איך האָב דערמאָנט איז געשלאָסן געוואָרן א ציימווייליקער וואפנשטילשטאַנד און ישראל האָט גלייכצייטיק געפייערט זיין ערשטן מיליאָן איינוואוינער. טיילן פון דער ארמיי זענען דעמאָביליזירט געוואָרן. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן א דעפּאַרטאַמענט וועלכער האָט געזאָרגט פאַר דער איינאָרדענונג פון דעמאָביליזירטן זעלנער. אמשווערסטן איז געווען די זאָרג פאַר די זעלנער, וועלכע זענען תיכף נאָכן אָנקום אין לאַנד מאָביליזירט געוואָרן פאַר דער ארמיי און מיט די פרייוויליק געקומענע פון אויסלאַנד. זיי האָט מען געמוזט געבן זאָפאָרט באַלדיקע דירות און אין דעם האָט זיך געפילט א מאנגל, ווייל אַלע פוסטע דירות פון די אראבישע פאַרלאָזענע שטעט זענען פארנומען געוואָרן דורך די נייע עולים. דער פּראָבלעם פון זאָרג פאַר די דעמאָביליזירטע זעלנער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין זיין גאַנצער שארפקייט. די ישראל רעגירונג האָט אים אויפגענומען אין זיין גאַנצער ערנסטקייט און האָט לײדער זיך אָבער אָנגעטראָפן מיט אומנאַטירלעכע שוועריקייטן, ווייל עס זענען אויפגעשוואומען פיל פּראָבלעמען א חוץ דעם פּראָבלעם פון איינאָרדענען די דעמאָביליזירטע זעלנער. פאַראַלעל מיט דעם באַפרייאונגס קאַמף, האָבן אויך געשטראָמט הונדערטער טויזנטער נייע עולים, פאַר וועלכע מען האָט אויך געדאַרפט זאָרגן וועגן דירות און ארבעט.

האָבן זיך אָנגעהויבן מערן פאַלן פון אומצופרידענע, פון קאָמענטאַרן, ווי: איך האָב געקעמפט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון מיין לאַנד און איצט בין איך אָן א וואוינונג און אָן ארבעט און ענלעכע רייד. אָבער עס איז קיין שולדיקער אין דעם ניט געווען די פּראָבלעמען פאַר דער נייַ אָנטשטאַנענער יונגער מלוכה, האָבן איבערגעוואָקסן אירע מעגלעכקייטן, איבערגעוואָקסן דעם נאָמירלעכן לעבנ׳ס גאַנג, פון יעטווידער מלוכה אפילו אין דער רייכסטער לאַנד.

עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה אויף די פראָנטן און זי איז פאָרגעזעצט געוואָרן אויפן עקאָנאָמישן געביט. עס האָט זיך

אָנגעהויבן די מלחמה פאַר דורכברעכן די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, אַנטשטאַנענע נאָך דעם שווערן מלחמה פּעריאָד.

און די נייע אָנגעהויבענע מלחמה איז ניט געווען פאַר קיין פאַל גרינגער ווי די ערשטע.

די זאָרג פאַר די באַפרייטע דעמאָביליזירטע זעלנער איז אָנגעגאַנגען אין פולן זינען פון דעם וואָרט. דער זעלנער האָט בעת דער דעמאָביליזירונג געקראָגן די ערשטע געלט פאַרזאָרגונג; ער האָט נאָך א ריי מאָנאַטן געקענט געניסן פון די מעדיציניש פאַרזאָרגונגען פון דער אַרמיי; די אַרבעט'ס ביוראָ האָט געגעבן פאַרצוג אין אַרבעט פאַר די באַפרייטע זעלנער; דער וואוינונגס דעפּאַרטאַמענט האָט געגעבן די באַפרייטע זעלנער פאַרצוג אין באַקומען וואוינונגען. אויב דער דעמאָביליזירטער זעלנער איז נאָך א ריי מאָנאַטן געווען אָן אַרבעט, האָט זיין משפחה געקענט באַקומען די אונטערשטיצונג וועלכע זי האָט באַקומען בעת ער איז געווען אין דער אַרמיי.

פאַר די באַפרייטע זעלנער פון אויסלאַנד האָט געזאָרגט דער שטאַב פון מח"ל, (מטה כללי מתנדבי חוץ לארץ).

די פּראָבלעמען מיט די פרייוויליק געקומענע זענען געווען גאַנץ שווערע. פיל פון זיי געקומענע בלויז צו העלפן אין דער מלחמה, האָבן זיך געדאַרפט אומקערן צו זייערע פאַמיליעס. פילע האָבן געוואָלט אויף א קורצער צייט אָפּפאָרן, בכדי צו ליקווידירן זייערע אינטערעסן אין די היימען און זיך אומקערן דערנאָך צוריק. פיל האָבן געוואָלט בלייבן און ניט געקענט קריגן קיין אַרבעט און וואוינונג; פיל האָבן זיך ניט געקענט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען פון שווערן ישראל לעבן. עס זענען געווען נאָך פילע ספּעציפישע פאַלן. און דאָס אַלעס איז אויפגענומען געוואָרן דורך דעם מטה כללי פון מח"ל.

בראש פון מח"ל איז געשטאַנען דער מאַיאָר עקיבא סקידל. א חבר פון א קיבוץ, לאַנג יאָריקער חלוץ, געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן נאָך ישראל מיט א צייט צוריק. זיין געהילף איז געווען דער קאַפּיטאַן גדעון ברץ, א זון פון דעם מיטגרינדער פון דער קבוצה דגניה ב', יוסף ברץ.

פאַר די וועלכע האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין לאַנד האָט געזאָרגט די אָפּטיילונג פאַר אויפנעמען דעם מח"ל מענטש.

פיל דעמאָביליזירטע מח"ל'ניקעס פון פאַרשיידענע לענדער זענען אַוועק אויף התישבות, געגרינדעט נייע מושבים און קיבו־צים, פיל האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קאָאָפּעראַטיוון. געוועז פאַלן ווען זיי האָבן זיך באַקענט מיט די ישראל'דיקע בנות, וועלכע האָבן זיי שוין צוגעבונדן צו זיך אין אַן אייביקן משפחה בונד און זיי זענען פאַרבליבן אין ישראל.

דאָס לאַנד האָט אָפּגעאָטעמט פון דעם מלחמה צושטאַנד, אָבער די ענטגילטיקע ענטשפּאַנונג איז ניט געקומען. דער ישוב איז גע־וואַקסן, עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייע אַרמיי, וועלכע האָט גע־דאַרפט פון טאָג צו טאָג פאַרפולקאָמט ווערן אין טעכנישער אויס־שטאַטונג. די עליה איז אָנגעגאַנגען אין איר פולן טעמפּאָ, די אַראַבישע לענדער האָבן ניט אויפגעגעבן זייער רעוואַנש וואונטש און דער צושטאַנד האָט איבערגעלאָזן ישראל אין אַ געשפּאַנטער לאַגע, וועלכע האַלט אָן ביז היינט צו טאָג.

# נצחון פאַראַד פון דער ישראל אַרמיי

איך וועל איצט דערמאָנען דעם היסטאָרישן מאָמענט ווען די ערשטע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן זענען אָנגעקומען קיין מדינת ישראל. דער ערשטער איז געווען דער סאָוועטישער אמבאַסאַדאָר פּאַוועל יערשאָוו. איך האָב בייגעוווען דעם מאָמענט ווען פּאַ־וועל יערשאָוו מיט זיין סוויטע זענען אין טעקסים צוגע־פאָרן צום האָטעל רמת־גן, אויף דער הירקון גאַס, אין תל אביב. טויזנטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אים צו באַגעגענען און מיט הייסע שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיי וואַרעם אויפגענו־מען די דעלעגאַציע. מיר זענען נאָך געווען פאַראיינזאַמט אין אונזער קאַמף און יעדע קאָנקרעטע אויפריכטיקע צו ישראל אַרויסגעוויזע־נע פריינטשאַפט איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַנערקענונג.

יערשאָוו האָט געצויגן זיין צילינדער און עס האָט אויסגעזען ווי די גרויסע רוסישע לאַנד האָט נאָך אַמאָל געגעבן איר אַנערקע־נונג דער ניי אַנטשטאַנענער אידישער מדינה.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער אַמעריקאַנער פאָרשטייער, דער אידן פריינט מאַקדאָנאַלד. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אַנערקענונג דורך דעם ישראל ישוב און ישראל רעגירונג.

די גרויסע מעכטיקע אַמעריקע האָט ענדלעך ענטגילטיק אַנער־קענט דעם אידנשטאַט.

כ׳ תמוז האָב איך בייגעוווען דעם גרויסן נצחון פאַראַד פון דער אידישער אַרמיי, אויף די גאַסן פון תל אביב. טויזנטער, טויזנ־טער אויף די טראָטואַרן און דעכער, אויף באַלקאָנען און בוימער פון די גאַסן האָבן זיך נייגעריק צוגעקוקט צום פּאַראַדן מאַרש. אָט גייען זיי! צו ערשט ווערט געטראָגן די פאָן פון ישראל, דער־נאָך די פענער פון יעדער בריגאַדע און פאָלק באַזונדער, דאַן די באַ־זונדערע פאָרמאַציעס.

צו ערשט ציט זיך די פיעכאָטע, אויסגעווייקט אין שוויים פון לאַנגן מאַרש, מיט ביקסן אויף וועלכע עס בלישטשען באַגנעטן. עס מאַרשירן די פלמ״ח אָפּטיילונגען, אויף וועמעס קאַסקעס עס זעען

זיך געפלאָכטענע סעטקעס. עס קומען אָן די מאָטאָריזירטע אָפּטיי־לונגען, ארטילעריע, שווערע הארמאטן, טאנקען, רייטער און ווי־דער פוס גייער. עס גייען טאנקען: לייכטע, שווערערע און פון שווערסטן קאליבער. עס ציטערט די גאס. עס ציטערן די שויבן פון די פענסטער. עס גייען אָפּטיילונגען פון די פלוגות ח"ן, פרויען אין כאקי קליידער; לאנגע שורות פון סאניטאַרער אָפּטיילונג, אין ווייסע כאלאטן. עס גאלאָפּירן אָפּטיילונגען קאוואלעריע, אָפּטיילונגען מיט אויסשפיר הינט, אָפּטיילונגען מיט געאיבטע מיליטער טויבן, אָפּטיילונגען מיט מויל־אייזלען פאר מלחמה אין די בערג, אָפּטיילונגען פון מיליטער פּאָליציי, אָפּטיילונגען פון ציוויל פּאָליציי און ווייטער אָפּטיילונגען מאַטראָזן, דאן אָפּטיילונגען פון די אראבישע דרוזן. וועלכע האָבן געקעמפט אויף דעם זייט פון ישראל'ס ארמיי און איבער די קעפּ פליען עסקאדריליעס עראָפּלאנען.

מאַמעס הויבן אונטער די קינדער: זעט, קוקט זיך צו, דאָס איז אונזער ארמיי. זיי וועלן אייך פארטיידיקן, זיי וועלן אייך ניט לאָזן מער טשעפּען, איר זייט פון היינט אָן ניט הפקר. שעה'ן האָט זיך געצויגן די אימפּאָזאנטע בילד און עס האָבן געפרעגט די ישראל איינוואוינער: יע, מיר האָבן געוואוסט, אז מיר זענען שוין זעלבסט־שטענדיק, מיר האָבן געוואוסט, אז מיר פארמאָגן שוין פיל, אָבער אזוי פיל... פון וואנען נעמט זיך עס? און עס האָבן פרייד־ייִנקער אַ טראכט געטאָן; און אפשר איז טאקע אַ נס געשען?...

אָבער עס זענען קיין ניסים ניט געשען. ווער עס האָט געזען דעם ישראל ישוב מיט די אויגן, ווער עס האָט באזוכט די קיבוצים און די קאָלאָניעס, ווער עס האָט געזען ווי אזוי זיי וואָרצלען זיך איין אין לאנד, ווער עס האָט געזען דעם פּאַטריאָטיזם פון ישראל „סאברא" און ישראל מענטש, ווער עס האָט געזען די אלטע אויס־געפּרוואווטע ישראל אָנפירער וועמעס האָר זילבערן זיך פון ארבעט און קאמף — יענער ווייס, אז קיין ניסים זענען ניט געשען.

מיט די געלט און אָנשטריינגונג פון גאנצן פאָלק איז געמאכט געוואָרן די וואונדער זאך. אָבער די פּארווירקלעכער זענען געווען די שורות חלוצים, וועלכע האָבן געשאפן די קאָלאָניעס און שטעט, די דערפער און די קיבוצים, די בליענדע ישובים, וואו שפּעטער האָבן זיך געקענט אנטוויקלען די קאמפן פאר פרייהייט. אָן אויפבוי־

ען צו ערשט דאָס ריזן ווערק, וואָלט ניט מעגלעך געווען צו פירן דערנאָך דעם פרייהייט'ס קאמף, ווייל עס וואָלט ניט געווען פשוט וואו צו פירן אים. דאָס זענען די דורות חלוצים, די שטילע הונדער־טער טויזנטער חלוצים, וועלכע האָבן אויסגעביטן זייערע רייכע רואיקע היימען אויף צעלטן און האָבן אריינגעבראכט זייער אידעאַל אין דער פוסטקייט פון לאנד. זיי האָבן אונז געגעבן די אידישע מלוכה.

0 0 0

איך האָב בייגעוואוינט א זיצונג פון דער כנסת, פון ערשטן אידישן פארלאמענט אין ישראל. עס זיצן אויסגעזעצט פארשיידענע פראקציעס. ביים פרעזידיום טיש, דער פאָרזיצנדער, וועלכער האלט דעם פרעזידענטן האמער אין האנט. מען באהאנדלט פארשיי־דענע פראָבלעמען פון לאנד. איך האָב זיך צוגעקוקט און געקלערט; זאָל פארביטן ווערן דער פלאץ אין א טעמפל, פון וועלכן געזעצן פון ערלעכקייט און יושר זאָלן פליסן, זאָל דאָ געשמידט און געשאפן ווערן א געזעץ סיסטעם, וואָס זאָל זיין אָריגינעל אין זיין אויפפאַ־סונג פון יושר און גערעכטיקייט; פון ניט דערלאָזן, אז אין אונזער לאנד זאָל זיין א באַ'עוולה'טער און אן אומרעכט זאָל אימיצן געטאָן ווערן. מיר, דער פאָלק, וועלכער האָט געגעבן דער וועלט די געזעצן פון יושר און גערעכטיקייט, מיר, וועלכע האָבן אַזוי פיל געליטן פון אומרעכט און עוולות, טאָרן נים דערלאָזן ס'זאָל עמיצער ביי אונז באַ'עוולה'ט ווערן, עס זאָל ביי אונז זיין א מענטש אָן א דאך איבערן קאָפּ און אָן א שטיקל ברויט. מיר דארפן דערגרייכן, אז די מלוכה זאָל דינען פאר א מוסטער פאר דער גאנצער וועלט. פאר וועלכע יעדער באזוכער זאָל בויגן זיין קאָפּ און זאָל זאָגן: אָט דאָס איז דער שטאָט פון ישראל!

# שווערינקייטן אין דעם נאָך מלחמה פעריאָד

איך וועל פרואוון מאכן אן אויספיר איבער די דריי פראגן:

1. צו זענען די שווערינקייטן איצט אין ישראל א נאטירלעכע דערשיינונג, אָדער א פּראָדוקט פון ניט ריכטיקן אָרדענונגס און פארוואלטונג׳ס סיסטעם?

2. וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ישראל אין אלגעמיין און ספּעציעל פאר דעם אידישן פאָלק?

3. וועלכע זענען די פליכטן פון פאָלק ישראל צו מדינת ישראל, ביי היינט צו טאָג?

ענטפער צו דער פראגע נומער 1.

עס ווייסן קינד און קייט, אז אין ישראל זענען פאראן גרויסע שווערינקייטן. עס דערציילן וועגן דעם בריוו וועלכע קומען אָן פון דאָרט. עס שרייבן וועגן דעם צייטונגען, אידישע און ניט אידישע. עס דערציילן וועגן דעם שליחים וועלכע קומען פון ישראל. די זאך איז דערגאנגען צו א טראגישער ווירקלעכקייט, ווייל דער געדאנק וועגן דעם, אז אין ישראל איז די לאגע דערגאנגען צו גרויסע שווערינקייטן, איז געבאָרן געוואָרן צוגלייך כמעט מיט דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן דערוואָרבן אונזער פרייהייט. און דער טראגישער גורל וועלכער האָט באגלייט דעם אידישן פאָלק אויף זיין גאנצן לעבנ׳ס וועג, האָט אויך זיין ביטערן חלק צוגעטראָגן צו דעם פייערלעכן מאָמענט פון דערווערבן אונזער פרייהייט.

מען זאָגט, אז אן איד קען קיינמאָל ניט טרינקען ביז שכור ווערן, אז אין אַן אידישער פרייד, איז שטענדיק דאָ א שמץ טרויער און דאָס האָט אויך אזוי זיך אויפגעלייגט ביי אונזער גרויסער שמחה פון צוריק דערווערבן אונזער פרייהייט. שנעל האָבן מיר געמוזט אויסטאָן אונזערע יום טוב׳דיקע קליידער און אָנטאָן צוריק די וואָכעדיקע. די פרייד פון דערווערבן אונזער פרייהייט נאָך דעם צוויי טויזנט יעריקן גלות, האָט געמוזט איינגעשלונגען ווערן אין דעם נייעם אויפטרייסלענדן מאָמענט פון די גרויסע שווערינקייטן

וועלכע ישראל האָט אויפגענומען נאָכן דערוווערבן איר זעלבסט־שטענדיקייט. און עס פרעגט זיך פון וואנען די שוועריקייטן און צו זענען זיי באגרינדעט? פארשטייט זיך, אז מען דארף זיין א עקאָנאָמיסט בכדי מען זאָל אין דער פראגע געבן א ווירטשאפטלעכע עקאָנאָמישע באַגרינדונג, אויסגערעכנט מיט ציפערן אין דיאגראמען. אָבער איך גלויב, אז ניט זייענדיק דאָס, קען מען אויך דעם פּראָבלעם באלויכטן.

ווער עס האָט דורכגעמאכט דעם שווערן וועג פון אויסוואָרצלונג פון דער שארית הפליטה, ווער עס איז געווען אין ישראל בעת דער פרייהייט'ס מלחמה און דורכגעמאכט דעם וועג פון וואנדערונגען איבער אייראָפּע, בכדי צו דורכמאכן די אלע עטאַפּן פון וואָגלענישן, בכדי צו אָנקומען נאָך ישראל, ווייס מיט וואָס די ריזיקע אונטערנעמונגען זענען געווען פארבונדן. וויפל קאָסט אָפּ די אָרגאַניזירונג פון דער ארמיי? וויפל האָט אָפּגעקאָסט די עליה ביז איצט און איצט ווען מען פירט ארויס אידן פון לענדער אויף עראָפּלאַנען? וויפל קאָסט אָפּ און עס קאָסטן אָפּ זאכן וועגן וועלכע מען רעדט ניט און מען שרייבט ניט?...

איך מיין, אז פּונקט ווי דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אז א פאָלק זאָל נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות, צוריק דערוווערבן זיין פרייהייט, אַזוי איז אויך דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אז א פאָלק זאָל נעמען אויף זיך אַזעלכע אויפגאבן. אָבער מיר האָבן זיי גענומען, ווייל זיי זענען אַרויסגעוואָקסן און איינגעוואָקסן מיט אונז.

צו זענען דאָ ניט ריכטיקע אָרדענונג'ס און פארוואלטונג'ס סיסטעמען אין אויפבוי פון ישראל? שווער צו ענטפערן אויף דער פראגע. דאָס איז א ענין פון יעדנ'ס איינעם שטאַנדפּונקט און קוק אויף דעם געבוי פון דער מענטשלעכער אָרדענונג. אָבער אויב עס זענען דאָ לענדער וואו עס האָבן אָן אָרט פארשיידענע שטרעמונגען צו פּראָפּאגאנדירן זייערע אידייען, איז דאָך ישראל די וועלכע האָט אין איר טאָג מעגלעכן לעבן געגעבן קאָנקרעטע א מעגלעכקייט, ניט נאָר צו פּראָפּאגאנדירן די פארשיידענע אָנשויאונגען, נאָר צו בויען ממשות'דיק דעם לעבנ'ס שמייכער לויט די אנשויאונגען. אָט זעט איר א קיבוץ פון א הונדערט פּראָצענטיקע קאָלעקטיווע ווירטשאפט'ס סיסטעם, אָט איז א מושב עובדים פון קאָאָפּעראטיווער

ווירטשאפט'ס סיסטעם. אט איז א שטאט פון ריינער פריוואטער ווירטשאפט און אין איר לעבן זענען איינגעפלאכטן די סיסטעמען פון גרויסע ארגאניזירטע ארבעטער לעבנ'ס פארמען, וועלכע זענען ארגאניזירט פאר קאמף פאר זייער לעבנ'ס סטאנדארט, קולטורעלן ניוואָ און גלייכצייטיק שפרודלדיקע פאטריאטישקייט און איבערגע־געבנקייט צו זייער לאנד.

אט איז די גרויסע זייט פון פריוואטער איניציאטיוו, מיט די גרויסע אויפטועז דערנעבן פון דער ארגאניזירטער אידישער ארבעטערשאפט. און איך ווייס ניט, צו וואלט געקענט יש־ראל זיך אויפבויען אן דעם קאלירפולן געמיש פון אירע ווירט־שאפט'ס סיסטעמען. דער קיבוץ, די קבוצה זענען ווי א נויטווענדי־קייט פאר דעם געבוי פון לאנד, דער מושב עובדים דאס זעלבע. די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות העובדים, ארגאניזירטע ארבעטער־שאפט, זענען ניט קיין צופעליקע. דאס איז דער רעזולטאט'ס פון אר־בעט ביי דעם אידישן פאלק, צוגעפאסט צו דעם סטאנדארט פון לעבן פון אידן בכלל. צו קען ביי אונז געמאלט זיין אן ארבעטער־שאפט, וועלכע זאל ניט געניסן פון קיין מינימום אנשטענדיק לעבן? צו דען וועט ישראל איצט די אידן פון תימן און איראק לאזן לאנג ביי זייערע באגרענעצטע לעבנ'ס סטאנדארטן?

א דאנק דער קאלירפולקייט פון ווירטשאפט'ס סיסטעם פון ישראל, האט די יונגע לאנד געוויס אויסגעמיטן אומזיסטע רייבונגען אויפן סאציאלן און ווירטשאפטלעכן געביט, וועלכע עס וואלט איר אויסגעקומען צו פירן ווען עס וואלט ביי איר אנדערש געווען.

0 0 0

ענטפער צו דער פראגע נומער צוויי:

מדינת ישראל איז היסטאריש ניט נאר פארן אידישן פאלק, נאר פאר דער גאנצער וועלט. צו ערשט דער פאקט, וואס די וועלט רעליגיעס האבן געהאט דא זייער געבורט און וועלכע אנערקענען די אידישע רעליגיע אלס דעם אנהויב פון רעליגיעזן מאנאטעאיזם. א חוץ דעם, האט ישראל אויך געגעבן פאר דער וועלט דעם איין און איינציקן ביישפיל, פון אומבאגרענעצטער צוגעבונדנקייט פון א פאלק צו זיין לאנד, וועלכע ער האט נאך צוויי טויזנט יאר גלות צוריק דערוואָרבן.

ישראל איז פאר דער וועלט דאָס לאַנד פון נייע עקספּירעמענטן, ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע און קולטורעלע; ישראל האָט אויך באַוויזן פאר דער וועלט, אַז ניט נאָר כוח און מאכט איז דעצידירנד, נאָר אַז הויכע אידעאַלן באַגרינדעט מיט שטאַרקן ווילן און גערעכטיקייט קענען באַזיגן שטאַרקערע כוחות (די מלחמה מיט די אַראַבער).

דער פאַקט וואָס א נאָר־וואָס אויפגעקומענע מדינה האָט זיך געשטעלט אלס ציל דאָס צונויפזאַמלען די רעשטלעך פון די איבערגעבליבענע פון די נאַצי קרבנות דורך אומלעגאַלע וועגן, דורך בערג און שטעגן, איז אַן אומפאַרגלייכלעכערביישפּיל פון העראָאיזם, הומאַניטעט, סאָציאַלע זאָרג, חבר׳ישקייט און ברודערישקייט.

און אויב זיך אָפּשטעלן אויף דער באַדייטונג פון אידנשטאַט פאַר די שכנות׳דיקע אַראַבישע מלוכות, איז דאָך דאָס ספּעציעל פאַר זיי ווי א נײַער וועג־ווייזער אויף זייער אָפּגעשטאַנענעם לעבנ׳ס וועג, וועלכער וועט זיי לערנען ווי אַזוי צו לעבן אַנדערש.

און פאַר דעם אידישן פאָלק איז מדינת ישראל אַלץ. אָן ישראל בלייבט אונז גאָרנים.

איך ווייס און וויל ניט פאַרמינערן די עקזיסטענץ פון אידישע ישובים אין גאָר דער וועלט, אָבער וואָלטן מיר ישראל ניט געהאַט נאָך אונזער גרויסן אומגליק, ווייס איך ניט וואָס וואָלטן מיר שוין יאָ געהאַט און אויף וואָס וואָלטן מיר געקענט האָפן צו האָבן?

ענטפער צו דער פראַגע נומער דריי:

עס איז א פראַגע ווי איינער פילט, וואו איינער לעבט און אין וואָס פאַרא סביבה ער פאַרקערט, ווייל פון דאַנען שאַפן זיך זיינע באַציאונגען און פאָדערונגען צום אידנשטאַט. מען קען ניט זאָגן, אַז צוליב דעם וואָס מיט אונז האָט געטראָפן אַזא אומגליק די לעצטע יאָרן, האָט דער אַרט דיינקען און אויפפאַסונג וועגן צוקונפט פון אידישן פאָלק, ביי אַלעמען אין דער זעלבער מאָס זיך געווענדעט צו מדינת ישראל.

דער מאָמענט פון אויפקום פון מדינת ישראל, האָט א וואַרעם געטאָן די הערצער און געפילן אפילו ביי די פאַרשיידענע „איסטן", וועלכע זענען געשטאַנען ווייט פון געדאַנק פון מלכות ישראל. דער פייערלעכער מאָמענט איז אַריבער און אָט שוין יאָרן ווי די אידישע מלוכה עקזיסטירט, ווערט ווידער אויפגעהויבן די דיס־

קוסיע: וואָס דאַרף זיין די באַציאונג פון פאָלק ישראל צו מדינת ישראל? פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַלעם נאַטירלעך, ווייל דאָס איז אַ פּראָדוקט פון אונזער לאַגע, וועלכע האָט אונז אַוועקגעשטעלט, זייט טויזנטער יאָרן שוין אין אַזאַ סיטואַציע, אַז אונזערע פּראָבלעמען זענען אייגנאַרטיקע, ספּעציפישע און גאָר פון באַזונדערן מין, אַפילו נאָכן דערוואָרבן אונזער אייגענע מדינה. און מעגסטו ווי רייף זיין אין געדאַנק, אַז ישראל איז די איינציקע לייזונג פאַר דעם אידישן פּראָבלעם, דאַרפסטו אָבער אויפנעמען די אַלע פּראָבלעמען פון אידישן לעבן, דאָרט וואו זיי עקזיסטירן. עס איז שווער צו פאַרשטיין פון ציוניסטישן שטאַנדפּונקט די אַרגומענטן פון אַן אַמעריקאַנער איד, אַ פראַנצויזישן, אַפריקאַנער א. א. וו., וועלכער לעבנדיק אין זיין לאַנד, פילט ווי אַן איינגעבוירענער און ווי אַ מיטבירגער. עס איז אָבער צום פאַרשטיין זיינע אַרגומענטן און געפילן פון שטאַנדפּונקט פון רעאַלן לעבן און טאָג טעגלעכקייט פון אומגעבונגען וועלכע אַסימילירן דעם מענטשן אַרום און שאַפן זיין אָרט דיינקען, געפילן און לעבנ׳ס גאַנג.

דאָס איז אַ פאַרוויקלטער פּראָבלעם.

אָבער דאָך, זיך ניט אַריינלאָזנדיק אין דעם טיפן אַנאַליז פון דער פראַגע, קען מען ענטפערן מיט איין וואָרט: יעדער איד וואו ער זאָל ניט זיין, וואָס ער זאָל ניט דיינקען, דאַרף און מוז שטיצן מדינת ישראל טאָג טעגלעך און מיט וועלכע מעגלעכקייטן ער קען נאָר.

פאַרוואָס? ווייל די געשיכטע אונזערע פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר איז פול מיט בלוט פלעקן. ניטאָ קיין לאַנד, ניטאָ קיין פּלאַץ וואו אידן זאָלן ניט האָבן געווען אויסגעשטאַנען דערנידעריקנדע רדיפות, ספּעציעל אַלס אידן. דאָס האָט געפילט יעדערער אין זיין באַזונדער קרייז וואו ער האָט פאַרקערט. דער קלאַפּ איז געווען פאַרשיידנאַרטיק יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים באַקומען — אָבער אַלעמאָל איז ער געווען געווענדעט צו אים אַלס אַן איד און קודם כל דערפאַר ווייל ער איז געווען הפקר׳דיק, באָדנלאָז און שטאַטנלאָז. און אַט איז אויפגעקומען מדינת ישראל און מיר האָבן

אן איינן שטאַט. איז לאָמיר פרואוון מסכים זיין, אז קיין פולשטענדיקע ליקווידאציע פון די גלות׳ן וועט ניט זיין, אידן וועלן אויך בלייבן וואוינען אין פארשיידענע לענדער. אָבער בכדי צו פארזיכערן די עקזיסטענץ פון דער אידישער מלוכה, מוזן מיר דאָרט האָבן מינימום דריי ביז פינף מיליאָן אידן. מוז דערפאר אָנגיין א עמיגראציע. אָט איז זי איצט פון אייראָפּע: פוילן, רומעניע, אונגארן, פון מאַראָקאָ, פון די אראבישע לענדער און שפּעטער וועט זי קומען פון אַנדערע ערטער. איז אויב עס גייט אָן אזא ריזן־שטראָם פון עמיגראציע, וועלכע מוז אָנגיין אומאָפּהענגיק פון דער ווירטשאַפטלעכער סיטואציע אין ישראל, ווייל די לאגע פון די עמיגראנטן פאָדערט עס און די לאגע פון ישראל וועלכע דארף וואקסן אין צאָל באַפעלקערונג פאָדערט עס אויך, — שאפן זיך שוין במילא עקאָנאָמישע פראָבלעמען פארן שטאַט ישראל, וועלכע זי וועט ניט קענען אליין ווירטשאפטלעך לייזן, ווייל זיי איבערשטייגן יעדע ווירטשאפטלעכע פּלאַנירונג פון א לאנד. מוז דערפאר דער פאָלק ישראל, וואו ער זאָל ניט זיין נעמען אויף זיך די לאסט.

פשוט גערעדט, זאָל דער פאָלק ישראל שאפן די גרויסע מעגלעכקייטן פאר דעם וואוקס פון ישראל זי זאָל זיך קענען אויסלעבן עקאָנאָמיש, ווירטשאפטלעך און גייסטיק.

אָבער ביז דאן, ביז דאן?...

עס וועט פאר דעם אידישן פאָלק פאר א ריי יאָרן נאָך שטיין דער ברענענדער פראָבלעם פון זיך מאָביליזירן פאר ישראל. עס קען און עס וועט מוזן געבן דער אידנטום פון גאָר דער וועלט דאָס אין וואָס ישראל נויטיקט זיך איצט. אויב זיי דאָרטן האָבן איינגעפירט „צנע", וועט מוזן דער וועלט אידנטום עטוואָס „אָפּשפּאָרן" בכדי צו שאפן פאר ישראל, דאָס אין וואָס זי נויטיקט זיך. עס טאָר ניט אָנגעהאלטן ווערן א גלייכגילטיקע שטעלונג צום איצטיקן צושטאנד אין ישראל. איך זאָג גלייכגילטיקע, ווייל אויב אין ישראל גייט אָן א עקאָנאָמישע מלחמה אין פולן זינען פון דעם וואָרט, וועט מוזן פאָלק ישראל, וואו ער זאָל ניט זיין, זיך מאָביליזירן צו הילף ישראל און העלפן געווינען די עקאָנאָמישע מלחמה.

עס וועלן אַמעריקאַנער עלטערן אויסבאָרגן קינדער ספּעציאַ־ליסטן אין וועלכע ישראל נויטיקט זיך, בכדי צו אויפבויען דאָרט די אַלע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען אַ נויטווענדיקייט. עס וועלן מוזן די אידישע קאַפּיטאַליסטן אינוועסטירן אין ישראל אַ טייל פון זייער קאַפּיטאַל, מעג עס זיין אויף קלענערע פּראָפּיט באַ־דינגונגען, ווי אין אַנדערע לענדער... עס וועלן מוזן מאָביליזירט ווערן מחנות חלוצים פון אַלע לענדער פאַר ישראל; עס וועט מוזן דער וועלט אידנטום זיך מאָביליזירן בכדי צו שאַפן אין ישראל דעם אידנשטאַט פון 3-5 מיליאָן בירגער, מיט אַ זעלבסטשטענדיקערווירטשאַפט. און נאָך דעם וועלן מיר פּיליכט קענען אָנהויבן די דיסקוסיע: וועלכע דאַרפן זיין די פליכטן און באַציאונגען פון פאָלק ישראל צו מדינת ישראל און פון מדינת ישראל צו פאָלק ישראל?

עס מעג אַמאָל אַ פאָלק ווי דער פאָלק ישראל, אָפּלייגן זיינע דיסקוסיעס אין דער פראַגע אויף אַ שטיקל צייט און מיט ענטוזיאַזם און איבערגעגעבנקייט, זיך מאָביליזירן פאַר עטלעכע צענדליק יאָר פאַר פאַרפעסטיקן אָן אָפּגעהאַלטענעם זיג, וועלכער קומט ניט יעדן מאָל אין לעבן און וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָך אַ צוויי טויזנט יאָריקן גלות.

# תל-אביב נעמט אויף פרעזידענט ווייצמאַן

איך האָב אים געזען זייענדיק אין ישראל!

איך האָב אים געזען דעם גרויסן איד, דעם גרויסן ציוניסטישן פירער, דעם גרויסן אידישן מנהיג, דעם ערשטן פרעזידענט פון מדינת ישראל. דאָס איז געווען א מיטן וואָכעדיקער טאָג, ווען אויף די גאסן פון דער רוישיקער שטאָט פון ישראל, אין דער שיינער תל אביב, האָבן זיך פארזאמלט אירע איינוואוינער צו באגריסן דעם ערשטן פרעזידענט פון ישראל.

תל אביב האָט זיך אויסגעשפאנט פון איר הו האָ. תל אביב האָט אויף א ווײַלע פארגעסן איר וואָכעדיקייט. לאָדנס פון געשעפטן האָבן זיך צוגעמאכט; ווארשטאטן האָבן אויפגעהערט צו ארבעטן; ביוראָס האָבן זיך געשלאָסן; הייזער זענען אויסגעליידיקט געוואָרן. די גאסן זענען פארפלייצט געוואָרן מיט מאַסן שטראָמנדיקע. אלט און יונג, קינד און קייט האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די טראָטואַרן, כדי אים צו זען פארבייפאָרן.

איז וואָס האָט היינט פאסירט? וואָס האָט די מענטשן צונויפגעפרעסט צו שטיין אונטער די שטראַלן פון דער ברענענדער הייסער ישראל זון און ווארטן?

אָט זענען דאָך אפילו קליינע קינדער ארויסגעפירט געוואָרן. די באלקאָנען זענען באלאָדן. די דעכער זענען איבערפולט. די פּאָליציי טראָגט ווייסע הענטשקעס. איבעראל הייגען ווייס בלויע פאָנען. רעגימענטן מיליטער אין פאראד באוואָפענונג שטייען גרייט צום באַגעגענען. איז וואָס זשע דארף פאָרקומען?

תל אביב לעבט איבער היינט א גרויסן יום טוב. דער ערשטער פרעזידענט פון מדינת ישראל, דר. חיים ווייצמאן, באערט היינט דער אידישער שטאָט מיט א וויזיט.

די מענטשן ווארטן מיט אומגעדולד. און אָט קומט דער מאָמענט ווען ער באווייזט זיך אויף דער גאס. עס ווערט שטיל. מענטשן הויבן זיך אונטער אויף די שפּיץ פינגער, צו גרייכן מיט זייערע בליקן צום פּונקט, וואו עס באווייזט זיך דער פרעזידענט.

אין אָנהויב פון דער שורה זיצט ער. ער איז אין גאנצן גרוי. זיין האנט האלט דעם הארטן שווארצן צילינדער אויפ־געהויבן צום באגריסן זיינע בירגער. עס פליאסקען הענט אין א הילכיקער פאטשעריי. די בירגער פון תל אביב באַגעגענען פריי־דיק, מיט כבוד און ליבע דעם ערשטן פּרעזידענט פון ישראל.

צוויי טויזנט יאָר זענען מיר געווען אָפּגעריסן פון אייגענער ערד, אייגענער רעגירונג, אייגענעם פּרעזידענט. אָבער צוויי טויזנט יאָר, האָט דאָס אידישע פאָלק ניט אויפגעגעבן זיין טרוים, בייגק־שאפט און ארבעט אין דער ריכטונג פון דערגרייכן עס.

איז אָט האָבן מיר עס דערגרייכט! ער איז פּרעזידענט ניט פון היינט, ניט פון נעכטן. ער איז פּרעזידענט שוין לאנגע יאָרן. ער איז פּרעזידענט פון די לעצטע ציוניסטישע קאָנגרעסן. און די ציו־ניסטישע קאָנגרעסן זענען דאָך געווען אונזער פּארלאמענט. די דע־לעגאטן אונזערע דעפּוטאטן. די אגענטור מיטגלידער אונזערע מי־ניסטאָרן און ער דער פּרעזידענט פון דער נאָך ניט עקזיסטירנדער מלוכה; דער מלוכה אונטערוועגנס.

ער איז ניט ניי אויף זיין פּרעזידענטן שטול. ער פירט די פּרע־זידענטשאפט שוין פון לאנג. און ווי צוגעפּאסט און ראוי ער איז צו דעם. די טאָג טעגלעכע ארבעט פירן די אינגערע. די שווערע דיסקו־סיעס און קאבינעט באראטונגען פירן די מיניסטאָרן. ער באשיינט און באדעקט מיט דעם ארעאָל פון זיין גרויסער פּערזענלעכקייט דעם מיניסטאָרן קאבינעט, דעם פּארלאמענט, דאָס פאָלק, דאָס לאנד.

ער איז א גרויסער איד, א גרויסער געלערנטער, א מענטש פון דער אזוי גערופענער ציוניסטישער אלטער גווארדיע, וועלכע גלויבן אין די הומאניטארע, גרויסע פאָלקס אידעאלן פון שלום, דע־מאָקראטיע, מענטשן ליבע און פריינטלעכקייט. ער גלויבט אין נצח ישראל לא ישקר. ער ציט זיין יניקה פון דער קליין שטעטעלע מאָטע־לע ביי פּינסק. ער האָט ניט אויפגעגעבן זיין יניקה אפילו זייענדיק אין די הויכע ספערן פון די ענגלישע געלערנטע קרייזן, וועלכע האָבן אים א דאנק זיינע גרויסע עקספּערימענטן און ערפינדונגען, געשטעלט אין די רייען פון דער ענגלישער אריסטאָקראטיע און גע־לערנטע. פאר אים עפענען זיך ברייט די טירן אריינצוגיין אין דער גויאישער וועלט. ער זאָגט זיך ניט אָפּ עס צו טאָן. ער בלייבט אָבער דערביי אן איד, אן איד אין אויסזען, אן איד אין ריידן, אן איד אין

גלויבן. נאָך מער, ער טיילט זיין רעפּוטאציע, זיין רום און באַ־העפט איר צום קאמף וועלכן דאָס אידישע פאָלק פירט פאר זיין רענעסאַנס.

ער איז אַ גרויסער איד, א גרויסער אידישער געלערנטער און א גרויסער ציוניסט. און דאָס אלץ צוזאמען שאפט אין אים די גרויסע פערזענלעכקייט. ער רייסט זיך ניט אָפּ פון שורש. ער מאכט אַ סינ־טעז פון אידישקייט, וועלטלעכקייט און קאמף פאר אויסלייזונג.

דר. ווייצמאן איז געבליבן צוזאמענגעוואַקסן מיט דעם אידישן פאָלק, מיט זיין שטעטעלע מאָטעלע, מיט דעם תנ"ך און ארץ ישראל. האָט ער דעריבער זוכה געווען צו דעם גרויסן, גרויסן כבוד פון זיין דער מאָדערנער מלך פון יונגן ישראל.

תל אביב האָט אָפּגעגעבן כבוד דעם ערשטן פרעזידענט פון יש־ראל. מאַמעס האָבן אונטערגעהויבן זייערע קינדער אויף די הענט, זיי זאָלן אים זען. אלע, אלע האָבן אים געזען און ער האָט אלע־מען געזען.

לאנגזאם האָט זיך געגליטש די שורה פון לומיזינעס. לאנגזאם, לאנגזאם האָט דער ערשטער פרעזידענט פון ישראל באגריסט מיט זיין הוט דעם עולם, די אידישע בירגער פון זיין לאנד. לאנגזאם האָבן טויזנטער אויגן אים באגלייט. לאנגזאם, לאנגזאם האָבן זיך געשפּור־נען די גערדאנקען ביי די פארזאמלטע: צעזייט און צעשפרייט, צע־טראָטן און דערנידעריקט במשך פון טויזנטער יאָרן, האָבן מיר זוכה גע־ווען צום גרויסן טאָג פון זען אונזער ערשטן פרעזידענט, וועלכער איז אנדערש ווי די אנדערע. ער האָט ניט קיין גיטער און קיין קנעכט, קיין רייכטום און לוסט נאָך דעם. ער איז אן איד פון מאָטעלע, א גרויסער געלערנטער פון לאָנדאָן, א גרויסער וועלט ערפינדער און פארבלייבט אלץ דער גרויסער איד.

ער איז געווען גאָר אנדערש פון אנדערע פרעזידענטן. גאָר, גאָר אנדערש און דעריבער האָבן מיר זיך געגרויסט אזוי שטארק מיט אים.

## חיים — דער אייביקער קוואַל פון לעבן

גלייך נאָך דר. חיים ווייצמאַנ'ס פטירה, האָט פּרעמיער דוד בן גוריון דערקלערט:

„פון זינט דר. הערצל איז געשטאָרבן, האָבן מיר ניט געהאַט זיין גלייכן. ער האָט געטראָגן אויף זיך צוויי קרוינען: כתר תורה און כתר מלכות. די צוויי געביטן זענען נימט געווען אָפּגעשיידט אין דר. ווייצמאַנ'ס אַקטיוויטעטן".

די רבנות הראשית האָט ארויסגעגעבן א פאַראָרדענונג, אז אין דעם אל מלא רחמים פאַר ווייצמאַנ'ס נשמה זאָל מען צולייגן „אשר מסר נפשו על תקומת העם והמדינה" (ער האָט מקריב געווען זיין נפש פאַר דער אויפלעבונג פון זיין פאָלק און לאַנד). דער אל מלא רחמים ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „יצרור בצרור החיים את נשמתו עם נשמות מלכי בית דוד ונשאי ישראל".

רב אלוף יגאל יאדין, דער הויפּט פון מיליטערישן שטאַב, האָט אַרויסגעגעבן א באַזונדערן טאָג אָרדענונג (פּקודת יום). אין דעם טאָג אָרדענונג זאָגט דער הויפּט פון גענעראַל שטאַב: „די ארמיי פון ישראל שטייט אין סאַלוט. די פאָנען פון דער ארמיי'ס אָפּטיילונג און בריגאַדעס זענען ארונטערגעצויגן. ישראל'ס ארמיי סאַלוטירט אין א הייליקן ציטער דעם אָנדיינק פון דעם פּרעזידענט".

אין די זיבן טעג פון טרויער, זענען די פאָנען אין אלע מיליטער קעמפּן געווען אַראָפּגעלאָזן און נעבן זיי האָט געברענט א גרויסער נר תמיד און א ערן וואַך פון סאָלדאַטן האָט געהיט די ערטער.

א פערטל מיליאָן איינוואוינער פון ישראל, אידן, מוסולמענער, קריסטן, דרוזן און בהאיער זענען ארומגעגאַנגען ארום ארון און האָבן אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד צום פאַרשטאָרבענעם מנהיג פון אידישן פאָלק און פּרעזידענט פון דער אידישער מדינה.

נאָך דעם ווי דער מיליטערישער חזן, האָט געזאָגט דעם ספּע־ציעלן אל מלא רחמים און נאָכן קדיש פון הרב הראשי עוזיאל האָבן זעקס סגני אלופים פון ישראל ארמיי און צוויי הויכע אָפיצערן פון

דער ישראל פּאָליציי אויפגעהויבן דעם ארון אויף זייערע אקסלען און באַגלייט פון אן ערן וואך פון אכט אלופים פון דער ישראל ארמיי, האָט זיך די לויה גענומען רוקן צום אָרט פון קבורה. פון שטוב ביז'ן קבר זענען געשטאַנען אויסגעשטעלעט אין דאָפּלטע שורות סאָלדאטן פון אלע ישראל ארמיי פאָרמאציעס. בשעת דער קערפּער איז ארונטערגעלאָזן געוואָרן אין קבר, האָבן 21 קאַנאָנען אויסגעשאָסן צום אָנדיינק פון פארשטאָרבענעם פּרעזידענט.

דר. ווייצמאַנ'ס טויט האָט באריהרט אלע אידישע קהילות איבער דער גאנצער וועלט. אלע אידישע אָרגאַניזאציעס, פּאָליטישע, סאָציאַלע, קולטורעלע, האָבן ארויסגעגעבן טרויער פּראָקלאמאציעס.

גלייך ווי די ידיעה וועגן דר. ווייצמאַנ'ס טויט איז באקאנט געוואָרן, האָט דער גענעראל סעקרעטאַר פון די פאראייניקטע פעלקער מר. טריגווי לי געשיקט אן אויסדרוק פון טרויער צו ישראל'ס אויסערן מיניסטער משה שרת.

מאָנטיק אין דער פרי, ווען די פּאָליטישע קאָמיסיע פון דער זיבעטער אסעמבלי, האָט געעפנט איר זיצונג, האָט דער פאָרזיצער מר. דזשאָ קארלאָס מוניץ, דער אַמבאַסאַדאָר פון בראזיל, אויסגעדריקט טרויער מיטגעפיל צו דער ישראל דעלעגאציע.

מאָנטיק נאָכמיטאָג ווען די גענעראל אַסעמבלי, האָט זיך צונויפגעקומען האָט דער פּרעזידענט פון דער אסעמבלי מר. לעסטער פּירסאָן, געבעטן, אז אלע מיטגלידער פון דער אסעמבלי זאָלן זיך אויפשטעלן אלס אויסדרוק פון רעספּעקט צום אָנדיינק פון דר. חיים ווייצמאַן. מר. פּירסאָן האָט אויסגעדריקט די סימפּאַטיע פון די פאַרייניקטע פעלקער אויפן טויט פון דר. ווייצמאַן.

דינסטיק, דער טאָג, פון דר. ווייצמאַנ'ס לויה, זענען די פאָנען פון אלע פעלקער ביים ארייננגאנג צו דער גרויסער געביידע פון די פאראייניקטע פעלקער, ניט אויפגעהאנגען געוואָרן. עס איז געהאנגען בלויז איין איינציקע פאָן, פון די יונייטעד ניישאָנס אַראָפּגעלאָזט אויף האַלבן מאַסט.

פאר א געפאַקטן זאל און אין אבסאָלוטער שטילקייט האָט אַמבאַסאַדאָר אבן געדאַנקט מר. פּירסאָן פאר זיינע רייד מיט א טאָג פריער.

פּרעזידענט טרומאן שרייבט אין זיין טרויער אויסדרוק: „די מענטשהייט האָט פארלאָרן א פייאיקן פירער".

דער קומענדיקער פרעזידענט אייזנהאוער שרייבט אין זיין טרויער אויסדרוק:

„די פרייע רעפובליק פון ישראל האָט געליטן פון אן אומפארגלייכלעכן פארלוסט אין דעם טויט פון איר ערשטן בירגער דר. חיים ווייצמאן. צוזאמען מיט אלע אמעריקאנער און אלע פעלקער פון גוטן ווילן איבער דער גאנצער וועלט, טרויער איך אויף זיין טויט“.

ווינסטאָן טשוירטשיל שרייבט אין זיין טרויער אויסדרוק: „די וועלט האָט פארלאָרן אן אויסערגעוויינלעכן בירגער און ישראל האָט פארלאָרן אן איבערגעגעבענעם זון“.



דער אל מלא רחמים נאָך דר. ווייצמאן ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „זאָל זיין נשמה זיין פארבונדן מיט די נשמות פון די מלכים פון בית דוד און די הארן פון ישראל“.

נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות, איז געשטאָרבן דער ערשטער נייער מלך פון ישראל — דער מאָדערנער מלך, דער מאָדערנער פרעזידענט — דר .חיים ווייצמאן.

דר. חיים ווייצמאן האָט פארבונדן זיין לעבן מיט דער אויפלעבונג פון מלכות ישראל און האָט דעריבער זוכה געווען מיט זיין טויט צו ברייינגען צום העכסטן אויסדרוק די דערגרייכטע אויפלעבונג פון מדינת ישראל.

אין טעג פון טרויער נאָך זיין טויט, האָט דער לעבן זיך געריסן פון אלע ווינקעלעך און דער אייביקער בטחון פון דער אומשטערבלעבקייט פון אידישן פאָלק און פון מלכות ישראל האָט נאָך קיינמאָל אזוי ניט געגלאַנצט מיט זיין פרישקייט. יעדער קרעכץ, יעדער טרער, יעדער אויסדרוק פון טרויער, יעדער מיטגעפיל אויסדרוק פון אידן און ניט אידן, האָט געמאָלן בילדער פון אויפגעוואכטן לעבן פון דער אידישער מלוכה.

— חיים — דער אייביקער קוואל פון לעבן.

יעדע אַראָפּגעלאָזטע פאָן פון ישראל און חוץ לארץ — האָט געפינקלט מיט דעם גרויסן גלאנץ פון אייביקן שפרודלדיקן קוואל פון לעבן.

דער גרויסער פרעזידענט האָט בלויז צוגעמאכט זיינע אויגן — זיך אונטערגעבנדיק דעם אייביקן געזעץ פון איבעררייסן מיט דער

טאָג טעגלעכקייט — פון דעם ערדישן לעבן. ער האָט אָבער אָנגע־צונדן נאָך זיין טויט דעם פאקלדיקן צוג מארש פון דעמאָנסטרירנדי־קע, מארשירנדע טויזנטער און מיליאָנען לעבנ'ס פון פאָלק ישראל.

ער האָט מיט זיין טויט באוואויגן, אז די אידישע מדינה זאָל נאָך אמאָל איבערלעבן און ברייינגען צום אויסדרוק דעם גרויסן מאָמענט פון איר פרייקייט און עקזיסטענץ. ער האָט מיט זיין טויט באוואויגן, אז דאָס אידישע פאָלק אויף גאָר דער וועלט זאָל נאָך אמאָל דורך זיינע טרויער אויסדרוקן, דערפילן דעם שטאָלץ פון זיין נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

ער האָט מיט זיין טויט באוואויגן, אז די גאַרע וועלט זאָל נאָך אמאָל דערזען פאר זיך די שיין פון דער אויפגעקומענער מלכות יש־ראל און זאָל געדיינקען, אז ישראל האָט אויפגעוואכט צום לעבן.

געשטאָרבן דר. חיים ווייצמאן אין זיין גוף. זיין נשמה האָט זיך פארביטן אין טויזנטער און מיליאָנען לעבנ'ס. וועלכע האָבן נאָכאַ־מאָל ארויסגעבראכט בולט דעם אייביקן גלויבן, אז וויסן, ער־לעכקייט, איבערגעגעבנקייט פארן פאָלק און פאר דער מענטשהייט איז אומשטערבלעך.

# ירושלים — די אייביקע הויפּטשטאָט פון ישראל

ירושלים איז באַלאַגערט! ירושלים איז דאָרשטיק! ירושלים הונגערט! אַזעלכע זענען געווען די טאָג טעגלעכע ידיעות, וועלכע זענען אָנגעקומען פון דער הייליקער שטאָט. די הערצער פון ישוב האָבן געקלאַפּט מיט די הערצער פון די באַלאַגערטע אידן פון ירושלים.

אַלע האָבן שטאַרק געגלויבט, אַז ירושלים וועט זיך ניט אונ־טערגעבן, ירושלים וועט ניט פאַלן.

דער גלויבן איז געפלאָסן פון דער זיכערקייט, אַז ירושלימער אידן וועלן זיך ניט אונטערגעבן.

און ירושלים האָט זיך ניט אונטערגעגעבן.

ווי נאָר עס איז געלייגט געוואָרן דער באַפרייאונגס וועג נאָך ירושלים, דער היסטאָרישער בורמא וועג, האָב איך זיך געווענדעט צו דער מיליטער מאכט אין תל אביב וועגן א דערלויבעניש אַריינצו־פאָרן נאָך ירושלים. שווער געווען צו קריגן אזא דערלויבעניש, נאָר פאַר אויסדערוויילטע גיט מען אזעלכע.

איך ווייז, אז איך קום פון קובא און דאָס האָט געהאָלפן. איך באקום די דערלויבעניש, א פּלאַץ אין אויטאָבוז און איך פאָר נאָך ירושלים. איך קוק זיך ארום, ווער זענען די מיט־פאָרער: ירושלימער אידן, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין צייט פון באַלאַגערונגס צושטאַנד; אַלטע מוטער׳ס מיט קינדער, קראַנקע און א. וו. ביי דער ערשטער געלעגנהייט קערן זיי זיך אום צוריק. די לאַגע איז טאַקע דאָרטן נאָך ניט נאָרמאַליזירט, אָבער א ירושלים׳ער קען ניט וואוינען ערגעץ וואו אַנדערש.

דער שאָפער אין קורצע כאַקי הייזלעך, מאָביליזירט ביי דער צבא ההגנה לישראל, מאכט אָרדענונג אין אויטאָבוס, צולייגט די פּעקלעך וואָס יעדערער פירט. יעדער פּאסאזשיר האָט א פּעקעלע מיט שפּייז, גרינסוואַרג פאַר די ירושלימער פריינט זיינע. אין ירוש־לים פעלט נאָך עסן, גרינסוואַרג און אַנדערע עלעמענטאַרע זאכן פאַר דעם טאָג טעגלעכן געברויך.

איך פיר מיט אויך א פעקעלע שפייז. דוכט זיך א דערדריקנדער מאָמענט, אָבער דאָך איז דאָ עפעס דערפרייענדס אין דעם פאַקט: שפייז פאַר דער אויסגעהונגערטער שטאָט, אָבער ניט פאַר דער־האַלטן דעם לעבן פון באַזיגטע. שפייז פאַר דער העראָאישער אידי־שער שטאָט, שפייז פאַר דעם אידישן „סטאַלינגראַד". און אויב עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, איז אשרי שזכינו לכך!

אונזער אויטאָבוס קריכט לאַנגזאַם איבער דעם פּראָוויזאָרי־שן געלייגטן וועג.

אין פילע פאַלן דערגרייכט ער צו משופּע׳דיקע דערהויבונגען, וואָס ווען דו פאַרסט איבער דעם, דוכט זיך דיך, אַז דער אויטאָבוס פאַלט באַלד אַראָפּ. דער שטויב דערהויבט זיך הויך און באַדעקט דעם אויטאָבוס, די פּאַסאַזשירן, די שפּייז פּעקלעך, אַלעם אַרום. עס ציען זיך קאַראַוואַנען מיט אויטאָבוסן, וועלכע פירן עסנוואַרג, וואַסער, נאַפט פאַר ירושלים. אָט בלייבט שטיין אַן אויטאָבוס אין וועג, מאָמענ־טאַל רינגלען אים אַרום די שאָפערן און פּאַסאַזשירן פון די איבעריקע אויטאָבוסן און טראָגן אים איבער כמעט ווי אויף די הענט.

די זון נייגט זיך צום אונטערגאַנג. ירושלים איז אַרומגערינגלט מיט בערג, וועלכע מיר פאָרן פאַרביי. די בערג אַרום ברייינגען אַרויס בולטער דעם היסטאָרישן איינדרוק פון דער שטאָט. מיר דערנענ־טערן זיך צו ירושלים. עס איז שוין טונקל. מיר ווערן אָפּט, זייער אָפּט אָפּגעשטעלט פון די קאָנטראָל פּאָסטנ׳ס. מיליטער פּאָליציי רע־ווידירט אַלעס. דער אַריינפאָר קיין ירושלים איז שטרייננ קאָנטראָלירט.

עס בלאַנקען קליינע פינקלדיקע פייערלעך אין די פענסטער פון די הייזער פון די ירושלימ׳ער איינוואוינער.

איך בין אין ירושלים! איך פיל עס זאַפאַרט.

אָנגעגעסן און באַדעקט מיטן שטויב פון וועג, דערפרישט די ירושלימ׳ער קילקייט. די לופט דאָ איז קיל און דורכזיכטיק. איך האָב געגעכטיקט אין ברודער׳ס הויז, וועלכן איך האָב ניט געזען 15 יאָר. אויף מאָרגן גיי איך באַקוקן די שטאָט.

פון א באַלקאָן פון פינפטן שטאָק, האָב איך אַראָפּגעקוקט אַראָפּ צו דער שטאָט, אויף וועלכער עס האָט זיך אויסגעשפּרייט א בלוי־קייט. עס זעען זיך די שפּיצן פון קלויסטער׳ס פון די פאַרשיי־

דענע רעליגיע מיסיאָנען, וועלכע זענען דאָ פיל אין ירושלים.

איך גיי איבער ירושלים'ער גאסן. זיי ציען זיך אָפּטמאָל בארג ארויף און אראָפּ. אידן מיט בערד און פאות אויף די גאסן. אָט זיצט אויף א ראָג אַ ירושלמי אין באָרד און פאות, פאר'דבקה'ט און זאָגט רעליגיעזע תפילות. זיינע ליפּן באוועגן זיך, די אויגן האלב צוגע־מאכט און ער שאָקלט זיך. איך קוק אויף דעם אלטן. מיך דוכט, אז ער פארקערפּערט די הייליקייט פון ירושלים און זיצט דאָ ווי א לעבעדיקער סימבאָל אירער... אויף די גאסן גייען מאיעסטעטיש אַן שטאָטישן הו־הא, ירושלים'ער. איך שטיי שפּעטער מיט מיין ברודער אין א ריי נאָך וואסער. ירושלים'ער אידן מיט קריג אין די הענט, שטייען אין ריי צו קריגן די פּאָרציע וואסער. עס שטייט ביים פּלומפּ א הדרת פנים'דיקער איד, וועלכער באגריסט זיך מיט יעדן ירושלים'ער, וואָס קומט אונטער אין ריי, צייכנט אָפּ זיין וואסער קארטע און שמייכלט הארציק. לכבוד דעם גאסט טיילט ער אויס מיין ברודער, נאָך א פּאָרציע וואסער... ירושלים איז גאסטפריינטלעך אפילו אין צייט פון דאָרשט...

מיין ברודער ווייזט מיר די הויפּט גאס בן־יהודה, וואו די ענג־לענדער האָבן דורכגעפירט דעם טייוולאָנישן אויפרייס פּלאן. זי איז פיל צעשטערט. די פענסטער פון די הויפּט געשעפטן פארמויערט.

די שפּורן פון מלחמה מערקן זיך אויף יעדער שריט און טריט. צעשטערונגען, אָפּצוימונגען פון דראָט, באריקאדן, סקעלעטן פון פארברענטע מויערן, איינגעפאלענע הייזער, גריבער פון באָמבעס.

איבער די גאסן שטאַרקע פּאָליציי און מיליטער פאטרולן. עס קלינגען אָפּ די פעסטע טריט פון די באוואכער.

ירושלים זעט אויס ווי נאָך א שווערן קריג. זי זעט אויס אָפּגע־מאַטערט. דאָס מערקט זיך אויף די פנים'ער פון די ירושלימ'ער. שטיל איז ארום.

א מאָדנע רואיקייט באהערשט דיך, ווען דו קומסט אָן אין דער הייליקער שטאָט. פון די שפּורן פון מלחמה חורבן, שפּרודלט ארויס דער הייליקער גייסט פון נצחון.

ירושלים דו בינסט הייליק! איך פיל עס אויף יעדן טראָט.

די בלויע ליכט פון די רעקלאמעס און באלויכטונגען שיינען אנ־דערש ווי ערגעץ וואו. אין די קאפייען, ווען דו זעסט די ירושלימ'ער,

זעען זיי אוים מאַיעסטעטישער ווי ערגעץ וואו. ווען אין גאס באַוועגן זיך מענטשן, איז ניטאָ ביי זיי דער שטאָטישער געדראנג, שטורעריי. זיי זענען ירושלים׳ער!

איז דאָס דען מער ניט ווי א פאנטאַזיע? אָ, ניין! דאָס איז רעאַלע ווירקלעכקייט. פילסט די הייליקייט פון ירושלים אויף יעדן שריט און טריט.

ירושלים, ביזט איינגעקריצט אין זכרון פון יעדן איד און ספּעציעל ביי די וואָס האָבן דיר מיט די אויגן געזען.

דו בינסט הייליק ירושלים! אייביקע הויפט שטאָט פון ישראל!

# ציוניזם, מדינת ישראל און די „קרן-היסוד" — ישראל קאמפיינען

ווען מענטשן זאָלן זיין קאָנסעקווענט אין לעבן און מאכן לאָגי־שע אויספירן פון געשעענישן און לערנען פון היסטאָרישע פאקטן, וואָלטן פיל פּראָבלעמען געלייזט געוואָרן אויף זייער ריכטיקן אופן. פיל איבעריקע דיסקוסיעס, סתם ריידעריי און איבעריקע טינט, וואָלטן איינגעשפּאָרט געוואָרן.

און ספּעציעל וואָלט געדאַרפט די דערשיינונג זיין אָנגענומען ווי אַן אקסיאָמע אויף דער אידישער גאַס, ווייל ווער־ווער, נאָר מיר האָבן געוויס געדאַרפט לערנען פון געשעענישן און פון אונזער בלו־טיקן עבר.

געוועזן צייטן, — און מיר אַלע געדיינקען זיי, ווען דער אידי־שער פאָלק האָט איבערגעלעבט היימלאָזיקייט, באָדנלאָזיקייט און זיין אויסגעשטעלט אויף הפקר. זייט דאָס אידישע פאָלק האָט פארלאָרן זיין אומאָפּהענגיקייט, האָבן זיך אָנגעהויבן פאר אים טעג און יאָרן פון פיין און בלוט. ווען מען זאָל וועלן ציען אן אנאַלאָגיע פון די צייטן פון אונזער חורבן ביים פארלירן די אומאָפּ־הענגיקייט, וועט זיך ווי א רויטער שנור דורכציען די ליידן, רדיפות, פּאָגראָמען, דיסקרימינאציעס, פּאָליטישע און גייסטיקע פארפּאָלגונ־גען קעגן אידישן פאָלק.

אונזער קונסט און ליטעראטור איז ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם אַלעס, פארפולט מיט איכה לידער, מיט קלאָגעריי, אויף אונזער אומבאהאָלפנקייט. אונזערע שרייבער האָבן אָפּגעשפּיגלט די אומבאהאָלפנקייט, די אומזיכערקייט פון אונזער פאָלק. אין אונזערע תפילות האָט זיך אויסגעגאָסן דער השתפכות הנפש און בייגקשאפט נאָך ציון און דער ווי געשריי צום רבונו של עולם אויף אונזערע ליידן.

זאָלן מיר נעמען אלס ביישפּיל די ווערק פון א שלום עליכם, פון מענדעלע'ן, וועלכע לאכן מיט „יאַשטשערקעס" איבער דער אָפּגע־

שטאַנענקייט, אייגנאַרטיקייט און אומבאַהאָלפנקייט פון אידישן פאָלק דאָן.

שפּעטער קומט דער דיכטער חיים נחמן ביאַליק און ער שרייט אויס אין איינער פון זיינע פּאָעמעס די אומבאַהאָלפנקייט פון אידישן פאָלק, וועלכער לאָזט זיך פּאָגראָמירן, ניט שטעלנדיק קיין ווידערשטאַנד, ווי ער שרייבט עס אין דער פּאָעמע „בעיר ההרגה", נאָך דעם פּאָגראָם אין קישעניעוו.

דאָס זענען אָבער געווען אַלץ אַרויסגעבראַכטע וויי געשרייען, וועלכע האָבן נאָר אויפגעטרייסלט דעם אידישן פאָלק, אַרויסברייענגענדיק זיין טראַגעדיע אין פאָרם פון וויי געשרייען דורך אָפּשפּיגלען עס אין דער ליטעראַטור.

אַ נייע ערא קומט אויף דער אידישער גאַס מיט דעם מאָמענט פון אַנטשטייאונג פון ציוניזם און פון חלוציזם, וועלכע שטעלן פאַר זיך אלס ציל אַ סוף צו מאַכן מיט דער באָדנלאָזיקייט פון אידישן פאָלק, מיט זיין אומבאַהאָלפנקייט און מיט זיין נוצלאָזער דיסקוסיע איבער זיין גורל, ניט מאַכנדיק קיינע פּראַקטישע אויספירן דערביי. דער ציוניזם, דער חלוציזם זאָגט קאָנקרעט: מיר זענען הפקר, ווייל מיר זענען אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, אַ פאָלק אָן באָדן און אָן אַ רעגירונג, אָן אייגענער אַדמיניסטראַציע און אָן אייגענעם מיליטער. איז אויב דאָס איז די סיבה פון אונזער לאַגע, מוזן מיר בכדי צו פאַרמיידן עס אויף ווייטער, זיך אָנשטרייגען צו באַשאַפן די אַלע זאַכן.

וויפל רדיפות, אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס און אידעאָלאָגישע שטיין וואָרפעריי האָבן דאָן אַריינגעכאַפּט דער ציוניזם און דער חלוציזם אויף דער אידישער גאַס. איך וויל ניט באַגאַטעליזירן די דאָן ענטשטאַנענע קעגנערשאַפט, דאָס איז געווען אַ פּועל יוצא, פון אידיישן געראַנגל, אַ פּועל יוצא פון ניט זיין פּאָליטיש רייף און נביאות וויזיעדיק צו קענען נאָך אַ 2 טויזנט יאָריקן גלות צו גלויבן אין אַ אידעאַל פון ציוניזם, פון צוריק באַקומען גלייכהייט און פאָלק'ס פרייהייט...

מ'קען אַלץ מוחל זיין די קעגנער פון ציוניזם, אָבער מען קען ניט פאַרגעסן דעם גרויסן שאָדן וועלכן זיי האָבן געבראַכט דעם אידישן פאָלק, ביז דעם מאָמענט ווען די ציוניסטישע אידייע האָט געזיגט, ווען די גרויסע וויזיע זעאונג פון הערצל, גורדון, אחד העם, מאַקס נאָרדוי, אוסישקין און יבדל לחיים בן גוריון און אַנדערע,

האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פולשטענדיק אַ ריכטיקע. געווען אויך אין ציוניזם פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע מיינונגס פאַרשיידנהייטן, אָבער דאָס איז שוין געווען ווי אַ וווייטערדיקער שפּרונג, פון נאָכ־טראַכטן וועגן דער געשטאַלטונג פון דער צוקונפטיקער אידישער מלוכה. זיי האָבן איין ציל געהאַט פאַר זיך, און וועלכן זיי זענען גע־ווען איינציק, דאָס איז, אַז די מלוכה, די פרייהייט דאַרף געשאַפן ווערן. דער עצם געדאַנק פון גיין בויען, שאַפן און פאַרווירקלעכן דעם אידע־אַל פון ושבו בנים לגבולם, איז געווען רייף און אַקטועל ביי יע־דער גרופּע.

און עס איז געווען אַ געזונטע דערשיינונג, וואָס אין ציוניזם גופא זענען געווען אידעאָלאָגישע מיינונגס פאַרשידנהייטן, דאָס האָט צוגע־גרייט די אידעאָלאָגיע פון דער צוקונפטיקער אידישער מלוכה. און מיר זעען טאַקע, אַז ווען די מלוכה איז געשאַפן געוואָרן, האָט דער אידנשטאַט ניט געדאַרפט אָנהויבן פון בראשית, ווי יעדער ניי אַנט־שטאַנענע מלוכה דאַרף אָנהויבן, זי איז גלייך אויף מאָרגן נאָך דער דעראָבערטער פרייהייט, געוואָרן אַ מאָדערנער שטאַט, מיט אַ פיי־איקע מלוכה אפאַראַט. מיט אידעאָלאָגישע פאַרטיי ריכטונגען און אַנ־שויאונגען, אָבער וועלכע האָבן וויי‍טער פאַר זיך נאָר איין ציל: בויען, גרעסער מאַכן, שטאַרק מאַכן די אידישע מלוכה.

איך האָב ספּעציעל אַרויסגעבראַכט דעם אידייען גערוּנגל אויף דער ציוניסטישער גאַס, בכדי צו אונטערשטרייכן דעם אונטערשייד פון די ציוניסטישע אידייען גרופּן ביז די קעגנער גרופּן פון ציוניזם.

די קעגנערישע פאַרטייען פון ציוניזם — און אין זיינער צייט אויך די קעגנער פון אַן אידישן שטאַט — וועמען מען קען מוחל זיין זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם, ביז דער אנטשטייאונג פון דער אי־דישער מלוכה, קען מען אָבער ניט מוחל זיין, זייער זיך אַזוי גיך אָפּ־קילן צו דעם פּראָבלעם פון ציוניזם און חלוציזם פון דער אידישער מלוכה און צו אירע גרויסע אויפגאַבן און פּראָבלעמען נאָך איר אנטשטייאונג.

אָנשטאָט אנערקענען, אַז דער ציוניזם, דער חלוציזם איז גע־ווען דער, וואָס האָט פאַרזייט דעם קערנדל פון פרייהייטס געדאַנק ביים אידישן פאָלק און האָט געבראַכט צום זיג פון פאָלק, דורך דער־אָבערן זיין פרייהייט, קומען זיי שוין איצט, נאָך אַזאַ קורצער צייט

עקזיסטענץ פון מלכות ישראל, מיט נייע פארשיידענע אידעאָלאָגישע צוגאנגען, אויספירונגען, א. ד. ג.

איך וויל ניט זאָגן, אז ישראל, איז א זאך נאָר פאר ציוניסטן. ניין, ישראל איז א זאך פון גאנצן אידישן פאָלק, א ראיה האָט איר, אז נאָך ישראל פאָרן הונדערטער, הונדערטער טויזנטער אידן פון גאָר דער וועלט, צווישן זיי געוועזענע בונדיסטן, אגודה'ניקעס און אַנדערע באקעמפּפער פון ציוניזם. אָבער מען מוז דאָך אָנערקענען, אז די ציוניסטישע אידייע איז געווען די, וועלכע האָט פארזייט דעם קערנדל פון פרייהייטס געדאנק, זי האָט אָנגעצונדן אין די מוחות און הערצער פון פאָלק ישראל דעם פּראקטישן געדאנק פון לאָמיר גיין און אויסלייזן אונזער פאָלק דורך שאפן אן אידישע מלוכה.

איז וואָס איז איצט די לאגע נאָך דער אנטשטייאונג פון דער אידישער מלוכה? צו איז געענדיקט די ראָל פון ציוניזם, ווי עס ווילן באהויפּטן די וואָס האָבן שוין אָפּגעטאַנצט אויף דער שמחה?

אָ, ניין און ניין!

ערשט איצט דארף אָנגעהויבן ווערן די גרויסע אויפקלערונגס ארבעט צווישן די אידישע מאסן פון גאָר דער וועלט, אז אין ישראל איז נאָר געשאפן געוואָרן דער אָנהויב און דאָס איבעריקע דארף נאָך געשאפן ווערן. אין ישראל וועט פארוואלטן די רעגירונג, וועלכע וועט רעגולירן די אָרטיקע מלוכה'שע פּראָבלעמען, אָבער זיי וועלן זיך ניט אָפּשליסן אויף דאָס דערגרייכטע. מען דארף לענקען א גרויסע אויפבוי ארבעט נאָך ווייטער. עס וועלן שטראָמען הונדערטער טויזנטער נייע עולים און אפשר מיליאָנען (מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל!) דאָס אלעס וועט דארפן צוגרייטן די אלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאניזאציע. עס בלייבט אלזאָ דער אויספיר, אז די אלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאניזאציע, דארף ווייטער אָנגיין, ווי זי איז אָנגעגאנגען מיט איר אומדערמידלעכער אָנגעשטריינגטער ארבעט, ווייל עס איז פשוט ניטאָ ווער עס זאָל די ארבעט אויף ווייטער פירן.

פריינט האָבן מיר פיל, וועלכע דערקלערן זיך אין ליבע צו ישראל יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אָבער די באלדיקע ארבעט דארף ווייטער, געמאכט ווערן דורך דער אלוועלטלעכער ציוניסטישער מחנה, אויפקלערנדיק דעם אידישן פאָלק, אז מיר שטייען נאָך ביי בראשית. איך וויל ניט פ א ר מ י נ ע ר ן די ראָל, די

חילף און ארבעט פון אידישן פאָלק אלס גאנצעס פאר ישראל. אָבער צו אָרגאַניזירן די גרויסע ארבעט און שלעפּן דעם וואָגן איז אלץ ביי היינט צו טאָג די ציוניסטישע מחנה און ווער עס וויל זיך איינשפּאַנען אין איר וואָגן דארף אויפגענומען ווערן מיט אָפענע אָרעמס, מעג ער האָבן וועלכע עס איז ניט אידעאָלאָגיע פאר זיך, אבי נאָר ער אַנערקענט מלכות ישראל און אז מען דארף ארבעטן אין דער ריכטונג פון איר שטאַרק מאכן.

געווים דארף דער ציוניזם אין אַנבליק פון דער געשאַפענער לאַגע, וואָס מיר האָבן אן אייגענע מלוכה, פיל רעווידירן אין זיינע מעטאָדן פון דער ביז איצטיקער ארבעט און זיך צופּאַסן צו דער ניי געשאַפענער לאַגע.

אין ציוניזם גופא זענען דאָ פארשיידענע אידעאָלאָגישע גרופּן פון עקסטרעם רעכטע ביז עקסטרעם לינקע. לינקע, וועלכע זעען אפשר א ווייטע וויזיע פון א סאָציאַליסטישער הערשאפט אין אונזער ווירטשאפט'ס סיסטעם פון לאַנד. אָבער דער הויפט ציל איז ביי זיי ציוניזם פאר וועלכן זיי האָבן די בעסטע כוחות אוועקגעגעבן און גיבן איצט אַוועק פאר ישראל. אַזעלכער איז דער וועג פון די, וועלכע האָבן געגלויבט און גלויבן אין מלכות ישראל. און איך וויל מאכן אן אויספיר פון מיינע שורות: אויב די אויפבוי ארבעט פון ישראל דארף אָנגיין ווייטער מיט איר שטאַרקן טעמפּאָ, אויב מען דארף אויפנעמען ווייטערע הונדערטער טויזנטער נייע עולים, ווייטער פארוואנדלען מדבריות אין בליענדע ישובים, מוזן די קאַדרען חלוצים ווייטער אָרגאַניזירט ווערן און די נאַציאָנאלע פאָנדן מוזן ווייטער שאפן זייער וואונדער אין ישראל.

דער הויפט פאָנד אין איצטיקן אויפבוי פון ישראל, איז ווי פריער פארבליבן דער „קרן היסוד — ישראל קאמפּיין".

לויט דעם באשלוס פון 23־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלן די ישראל קאמפּיינען איצט הייסן קרן היסוד — המגבית המאוחדת לישראל און וועלן זיין דער פינאנץ אינסטרומענט פון דער אידישער אַגענטור. דורך דעם פאָנד וועט פינאנסירט ווערן די עליה, קאָלאָניזאציע, איינוואָרצלונג פון עליה און די התישבות.

דער פאָנד איז אן אומפּארטייאישער. דורך דעם פאָנד וועלן אָנקומען נאָך ישראל אידן פון גאָר דער וועלט און אלע קאָלאָניזאציע

פלענער, גרינדונג פון קיבוצים, קבוצות, מושבי עובדים און אנדערע וועלן דורך דעם פאנד פינאנסירט ווערן.

אויך וועט דער פאנד זארגן פאר דער פארשטארקונג פון דער זיכערקייט פון ישראל, ווייל די עליה און קאלאניזאציע זעלבסט איז א דעציזידירנדיקער שריט אין דער ריכטונג פון זיכערקייט פון ישראל. אבער אויך דירעקט וועלן דורך דעם פינאנץ אינסטרומענט אויסגעפירט ווערן זיכערהייט'ס ארבעטן אין די שוין געגרינדעטע ישובים און אין די נייע צוגעקומענע. עס וועלן באזעצט ווערן די פלעצער ביי די גרענעצן, בכדי צו פארזיכערן זייער מיליטערישע זיכערהייט. עס וועט אין עקאנאמישן לאנדווירטשאפטלעכן הינזיכט געזארגט ווערן פאר דער עקאנאמיש ווירטשאפטלעכער אומאפהענגיקייט פון ישראל דורך גרינדן נייע און נייע לאנדווירטשאפטלעכע פונקטן.

דורך דעם וועט אויך געגעבן ווערן מעגלעכקייטן פאר דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון לאנד. ווייל וואו עליה און לאנדווירטשאפטלעכע קאלאניזאציע, דארט מוז אויך וואקסן די שטאט, מיט גענוגנדער פאבריקאציע פאר דער אינדוסטריעלער פארזארגונג פון לאנד.

ווי מיר זעען איז דער קרן היסוד — המגבית המאוחדת לישראל פאנד, דער פונדאמענט פון דער אנטוויקלונג פון אונזער לאנד. אזוי איז געווען אויך ביז איצט און נאך מער ווערט זיין ראל אחריות'דיק ביים אנצייכענען די פלענער פאר דער אנטוויקלונג פון אונזער מדינה.

# קרן קימת לישראל

דריי פאקטאָרן דאָמינירן ביי דעם קיום און אויפהאלט פון א פאָלק:

1. דער באָדן אויף וועלכן ער געפינט זיך.
2. זיין שפּראַך.
3. קולטור, היסטאָריע, זיין פאַרגאנגענהייט מיט די ירושות פון איבערגייענדע טראדיציעס, זיטן און מנהגים.

דער הויפּט פונדאמענט פון דער פאָלקס זעלבסטשטענדיקייט איז דער באָדן אויף וועלכן ער קאָנצענטרירט זיך און אָרדנט זיין לעבן.

א פאָלק, וועלכער לעבט לאנג אויף זיין באָדן באַטראַכט עס ווי זיין מוטער און ער איז גרייט עס שטענדיק צו פארטיידיקן מיט זיין בלוט און לעבן. ווייל נעמט צו ביי א פאָלק זיין באָדן פון אונ־טער די פיס, דאן פארלירט ער זיין זעלבסטשטענדיקייט, זיין יסוד און פונדאמענט. אזא טראגעדיע האָט פאסירט מיט דעם אידישן פאָלק, וועלכער האָט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק פארלאָרן זיין באָדן, אוועקגעטריבן געוואָרן אין גלות, צעזייט ווערנדיק אין אלע ווינקעלעך פון דער וועלט. דאָס אָנהאלטן זיין שפּראַך, שאפנדיק א גרויסע ליטעראטור און קונסט, דורך די רעליגיעזע געפילן און טרא־דיציעס, פון שפּינען די קייט פון עוד לא נתקה השלשלת, האָט דאָס פאָלק ישראל באוויזן פאר דער צייט פון זיין צעשפּרייטונג דאָך אָנ־האלטן זיך אלס פאָלק און ניט אויסגעמישט ווערן דורך די כסדר'די־קע גייסטיקע און פיזישע פארניכטונגס פּרואוון, וועלכע זענען אויף אים געמאכט געוואָרן.

צוריק אָבער אויפלעבן און אויפשטיין אלס זעלבסטשטענדיקע איינהייט ווי אָ פרייע מלוכה'שע קערפּערשאפט האָט דאָס פאָלק ניט געקענט, ווייל זיין באָדן, די ערד, איז אַרויסגעריסן גע־וואָרן פון אונטער זיינע פיס.

דעריבער האָט פארשטאַנען דער ציוניזם, אז בכדי צו אנטוויק־לען זיין פּראָגראם פארן קאמף פון זעלבסטשטענדיקייט און רענע־

סאנס, מוז ער דעם באָדן אָנהויבן צוריקבאקומען, דעם באָדן אויף וועלכן ער זאָל שטעלן זיינע טריט און גרייכן צום ציל פון פאנאנדער־וויקלען און אויפהויבן די פראָגראם טעטיקייט פון ושבו בנים לגבולם.

אונזער ספּעציפישע לאגע פון זיין אָפּגעריסן פון אונזער ערד אין ישראל, זייענדיק פארוואָרפן טויזנטער, טויזנטער מיילן ווייט פון איר, האָט געצוואונגען דעם ציוניזם פירן זיין קאמף פאר רענעסאנס, אויסלייזן דעם באָדן, דורך פאָלקס זאמלונגען, דורך די נאַציאָנאלע פאָנדן, דורך דעם ק ר ן ק י מ ת ל י ש ר א ל.

איך וואָלט געזאָגט, אז דער קרן קימת לישראל, דאָס איז דער אלף בית פון ציוניזם, אָן וועמענס ארבעט און אויפטוען עס וואָלט קיין מלוכה פון ישראל ניט געקענט ווערן.

עס האָט אמאָל געזאָגט דער גרויסער אוסישקין ז"ל, אז בכדי אַ מענטש, ווען ער גייט ארויף אויף א שפּוע פון א בארג זאָל זיך פילן זיכער אויף א מאמענט ווען ער וועט אומפאלן, מוז ער האָבן ארום זיך אַזוי פיל באָדן, וואָס זאָל גענוגענען פאר זיין גאנצער גרויס. און דאָס זעלבע איז מיט א פאָלק. בכדי ער זאָל זיך פילן זי־כער מוז ער האבן אַזוי פיל באדן, וואס זאָל פארזיכערן זיין קיום.

און דער קרן קימת לישראל האָט אויסגעלייזט, געשאפן און צוגעגרייט דעם ראדן אויף וועלכן עס פלעגן זיך באזעצן די עולים. וועלכע האבן געשאפן דעם אוואנגארד פאר לייגן דעם גרונטשטיין פאר דער צוקונפטיקער אידישער מלוכה.

דער קרן קימת לישראל האָט שפּאן נאָך שפּאן אויסגעלייזט די ערד און עס איבערגעגעבן צום רשות פון פאָלק. ער האָט אויך דעם באָדן באפרוכטפערט, באוואלדערט, באוואסערט און געמאכט אים לעבעדיק, אריינגעבנדיק דעם רוח החיים אין טויטן פוסטן מדבר.

און ווי עס ווילט זיך אמאָל ניט פארגרייזן (אַנדערע גרופּן אין ציוניזם האָבן עס געמאכט אלס א טייל פון זייער פראָגראם), פון וועלן אַריבערשפּרינגען איבער דעם לאנגזאמען שווערן אָפּט מאַ־טערנדן וועג פון זאמלען די גראָשנס פאר דעם נאַציאָנאלן פאָנד קרן קימת, קען מען ניט אַנדערש, ווייל אפילו ווען דער פּריוואַ־טער קאפּיטאַל זאָל שטראָמען אָן אויפהער נאָך ישראל, מוז דער קרן קימת זיין ארבעט טאָן לאנגזאם, טראָט נאָך טראָט אָן איבער־

ריים, ווייל דעם באָדן וועלכן ער לייזט אויס און די באַדינגונגען אויף וועלכע ער שטעלט אים צו, צו דער התישבות, וועט דער פּרי־וואַטער קאַפּיטאַל קיינמאָל ניט דערוווייזן עס צו מאַכן.

און איצט נאָך דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל, בלייבן די ריזן אויפגאַבן פאַר דעם קרן קימת די זעלבע ווי געווען. פיל באָדן וואַרט פאַר גאולה, וועלכע מען קען מיט די געהעריקע סומען אויסלייזן. די אויסגעוואַנדערטע אַראַבער אין צייט פון קריג, זענען גרייט פיל פון דעם באָדן — וועלכן זיי האָבן איבערגעלאָזט — צו פאַרקויפן. פיל אַראַבער פון די שכנות׳דיקע לענדער זענען גרייט באָדן צו פאַרקויפן.

די באַוואַלדערונג, באַוואַסערונג און אויפלעבונג פון פיל באָדן וועט ווייטער מוזן געמאַכט ווערן דורך דעם קרן קימת לישראל.

און פון דאַנען דער אויספיר, אַז דער קרן קימת לישראל איז אַ נויטווענדיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזער מדינה.

# די הסתדרות

די הסתדרות אין ישראל — וואָס איז זי?

ווען זי וואָלט ניט געווען, וואָלט מען איר ערשט געדאַרפט שאַפן. אָבער ווען מען זאָל איר ערשט דאַרפן שאַפן, וואָלט עס גע־ווען ווי א פּראָדוקט פון קאַמף, וואָס די ארבעטערשאַפט פירט פאַר אירע רעכטן און פרייהייטן און זי וואָלט דאַן געטראָגן א כאַראַקטער פון א ריין, פּראָפעסיאָנעלער ארבעטער אָרגאַניזאַציע.

די „הסתדרות העובדים" — אַלגעמיינע ארבעטער אָרגאַניזאַ־ציע אין ישראל איז שוין אָבער פון לאַנג געשאַפן. זי הויבט אָן איר געשיכטע פון אָנהויב אויפבוי פון ישראל און אלס אזעלכע, האָט זי אויף א שיינעם אופן אָנגעצייכנט אויף איר פאָן די אייביקע רעכט פון ארבעטער'ס פרייהייט, גלייכהייט, זאָרג פאַרן ארבעטער'ס לעבן, מאָביליזירנדיק דערביי דעם ארבעטער — אָרגאַניזירט אין אירע רוי־ען — פאַר חלוציזם, אויפבוי און גרייטקייט צו אָפּפערוויליקייט פאַרן פאָטערלאַנד, וועלכע ער בויט, פאַרטיידיקט און זעט זיך במילא ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון איר.

אין דעם באַשטייט דער כוח פון דער הסתדרות, וועלכע איז ניט אויסגעוואַקסן בלויז ווי א פּראָפעסיאָנעלער פאַרבאַנד פון ארבע־טער פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיינע רעכטן.

די „הסתדרות", דאָס זענען די ערשטע חלוצים וועלכע זענען געגאַנגען נאָך ישראל און וועלכע זענען געווען באַזעלט מיט די הויכע אידעאַלן פון אויפריכטן דעם פאָלק אויף זיין אייגענער ערד — דורך ארבעט.

עס זענען דאַן ניט געשטאַנען פאַר זיי די פּראָבלעמען, וועלכע שטייען פאַר דעם ארבעטער איבעראַל, צו קעמפן פאַר זיינע רעכטן, פרייהייטן און דערגרייכונגען. ער איז דאָך ניט געגאַנגען צוליב לוין זוכעריי, פּראָפיטן אָדער אויסבעסערן זיין עקאָנאָמיש שטאַנד. ער איז געגאַנגען בכדי צו אויפריכטן דאָס לעבן פון א פאָלק אין זיין לאַנד, וועלכע ער האָט זייט 2.000 יאָר פאַרלאָרן.

זיי איז יע אויסגעקומען צו פירן קאַמפן פון פּראָפעסיאָנעלן כאַראַקטער ווי פאַר לוין העכערונג, פון אַריינדרינגען און פאַרנעמען

אַרבעט׳ס פּאָזיציעס א. ד. ג. זיי האָבן דאָס געטאָן אָבער, ניט נאָר בכדי צו אויסבעסערן זייער לעבנ׳ס שטייגער, נאָר גלייכצייטיק בכדי צו אויסטרעטן דעם וועג פאר דעם אויפקום פון דעם אידנ־שטאַט (למשל דער קאמף פאר עבודה עברית). פארקערט — אָפּטמאָל זענען די ישראל׳דיקע ארבעטער גראדע געגאנגען אין אזעלכע ארבעטס פלעצער, וואו עס איז געשטאַנען ווייניקער צו פארדינען, אָבער מען האָט דאָרט געדארפט גיין בכדי צו דעראָבערן די ארבעט, וועלכע איז געווען פון גרויסער באדייטונג, פאר אריינדרינגען פון דעם אידישן איינפלוס אין פונקטן פון וויכטיקן ווירטשאפטלעכן, סטראטעגישן און פּאָליטישן סעקטאָר פון לעבן אין לאנד אונטער דער מאנדאטן הערשאפט. דאָס לעבן איז געגאנגען פאָרויס, דער ישוב האָט זיך אויסגעברייטערט, די ארבעטערשאפט איז געוואָקסן. דער פארנעם פון ווירטשאפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן האָט אָנגע־הויבן אָננעמען ברייטערע און ברייטערע פאָרמען און די ישראל׳די־קע ארבעטערשאפט האָט אָנגעהויבן אויך אויפנעמען פּראָבלעמען פון ריין פּראָפעסיאָנעלן כאראקטער, ווי קאמף פאר לוין העכע־רונג, אויסבעסערונג פון ארבעט׳ס באַדינגונגען, מעדיצינישע פאר־זאָרגונג, אורלויבן א. א. וו. די אָרגאניזירטע ארבעטערשאפט האָט אויפגענומען די דאָזיקע פּראָבלעמען, אָבער אלעמאָל מיט דעם צו־גאנג פון א סעקטאָר פון לאנד, וועלכער האָט געזען זיין לאנד גע־בויט דורך זיינע הענט, און פאר וועלכער ער איז מיט־פאראנט־וואָרטלעך. און דעריבער האָט זיין קאמף קיינמאָל ניט געטראָגן קיין כאראקטער פון בלויז א ריינעם קלאסן אָדער עקאָנאָמישן קאמף. זיי האָבן די פּראָבלעמען אויסגעקעמפט אויף זייער אייגנארטיקן אופן.

„די הסתדרות העובדים" האָט אויף א וואונדערבארן אופן צו־זאַמענגעגרייט די פארזאָרגונג און דאגה פאר דעם וואויל פון דער ארבע־טערשאפט אין ישראל. זי האָט געבויט דאָס לאנד און במילא האָט זי זיך ניט געקענט באגרענעצן צו די ענגע ראמען פון דאגה׳ן און אָרגאניזירן די ארבעטערשאפט נאָר פארן קאמף פון בעסערע לעבנ׳ס לוינען א. א. וו.

ווייל קעגן וועמען האָט זי זיי צו ערשט געדארפט אָרגאניזירן, ווען זי זעלבסט האָט דאָס לאנד געבויט, ווען זי זעלבסט האָט רעקרו־טירט די בעסטע זין און טעכטער פון אידישן פאָלק, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן פאר דעם אויפבוי פון לאנד? האָט זי דעריבער

זעלבסט א נ ט וו י ק ל ט גרויסע פּלענער און פּראָגראַ־
מען פון בויען און שאַפן פאַר דעם ארבעטער די אַלע ווערטן, וועלכע
די ארבעטערשאַפט האָט אין אַלע מאָדערן איינגעריכטעטע לענדער,
ווי מעדיצין פּאַרזאָרגונג, אָפּרו און קולטור הייזער, פּרעסע אויסגאַ־
בעס, טעאַטערס, שולן, כאָרן, פאַראנשטאַלטונגען פאַר טעכנישער
און פּ ר אָ פ ע ס י אָ נ ע ל ע ר אויסבילדונג, קאָאָפּעראַ־
טיוון, ליי קאַסעס, בענק און נאָך, און נאָך. זי האָט געשאַפן און גע־
שאַפן און דערביי באוויזן צו מאָביליזירן די סימפּאַטיע פון אידישן
פאָלק, וואָס האָט איבעראַל מיט גרויסע געלט מיטלען, געשטיצט
זיי אין דעם און געהאָלפן דער ישראל'דיקער ארבעטערשאַפט צו
שאַפן די אַלע נויטיקע פאַרזאָרגונגען.

די „הסתדרות העובדים" איז אַלזאָ קאָנסעקווענט געשטאַנען
אויך פּאַראַלעל מיט אירע אויפגאַבן פאַר מאָביליזירן דער ארבעטער־
שאַפט פאַרן אויפבוי פון לאַנד, אויך פאַר דער דאגה פון שאַפן די
גינסטיקע באַדינגונגען פון זיין וואוילזיין און פאַר אָפּהיטן
און ניט דערלאָזן צו אויסנוצעריי, לוין אָראָפּנידעריקעריי א. ד. ג.
לגבי דעם ארבעטער. און אז אזעלכע זאכן זענען פּאָרגעקומען און
קומען פאָר אויך אין אונזער לאַנד, גלויב איך איז פאַר אַלעמען
קלאָר, ווייל זאָלן מיר זיך ניט מאכן קיין אילוזיעס, אז צוליב דעם
וואָס אין ישראל זענען מיר אַלע אידן, האָבן מיר ניט די זעלבע עקאָ־
נאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אן ארבעטער קלאַס, א בירגער־
לעכן און שטאַרק רייכן קלאַס, די זעלבע ווי אין אַנדע־
רע לענדער...

און ווי ווייט פּאָרויס זעעוודיק עס איז געווען די „הסתדרות"
מיט דעם אַלעם. ווייל לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז די אַלע ארבעטן
וועלכע זי האָט געמאכט זענען געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט. וואָלט אויס־
געקומען, אז דער ישוב ווען ער וואָלט זיך אויסגעבויט וואָלט אויפ־
גענומען א גרויסע ארבעטער מחנה, וועלכע וואָלט ערשט אָנגעהויבן
איר געראַנגל פאַר אויסקעמפן העכערע ארבעט'ס לוינען, מעדיצין
פאַרזאָרגונג, קולטורעלע באַדינונג א. א. וו. איז וואָלט עס די
יונגע מדינה געקענט אויפנעמען? עס וואָלטן אויפגעשוואומען אויף
דעם באַדן פּראָבלעמען שווערע און וואָלטן ניט איינמאָל געפירט צו
גרויסע שטרייט פראגן. די „הסתדרות" האָט אָבער די זאכן ניט
פאַרנאַכלעסיקט. זי האָט גע'דאגה'ט פאַר זייער שאַפונג און האָט

במילא א דאנק איר ארבעט דערוואָרבן אומבאַרירבאַרע פּאָזיציעס. זי איז ווייט איבערגעגאַנגען דעם באַגריף פון „ארבעטער פאַרבאַנד". זי איז געוואָרן די חוט השדרה פון דער מדינה, מיט גרויסע קאָלאָ־סאַלע אונטערנעמונגען, דערגרייכונגען, וואו די ארבעטערשאַפט דערשיינט אַלס דער בעל הבית פון דעם. איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז די „הסתדרות העובדים" דערשיינט היינט צו טאָג אין ישוב ווי דער שטאַרקסטער כוח, וועלכער האָט אין זיינע הענט קאָנצענטרירט דעם נערוו פון דער מדינה, שטעלנדיק אָבער איבעראַל דעם טראָפּ אויף פּאָטערלאַנד.

די „הסתדרות העובדים" האָט באוויזן צו קאָנצענטרירן אין אירע רייען דעם גרעסטן טייל ארבעטערשאַפט, דעם רוב מנין ורוב בנין פון ישראל ישוב. אין אירע רייען קאָנצענטרירן זיך שיכטן פון גאָר לינקע אָריענטאַציעס, גאָר רעכטע, גרופּן פריידענקער און רעליגיעז געשטימטע.

מען האָט אָפּט טענות צו דער „הסתדרות העובדים" אַז זי איז לינק און דאַנה'ט בלויז האָבנדיק אין זינען נאָר די אינטערעסן פון ארבעטער. אפשר וועלן מיר עס פאַרענטפערן מיט דעם, וואָס גראַדע אין דער „הסתדרות" וואַרפן איר פאָר אָפּט טיילן פון אירע ארבע־טער, אַז זי שטייט ניט גענוג אויפן שטאַנדפּונקט פון פאַרטיידיקן די ארבעטער רעכט און האָט אין זינען מער די אַלגעמיינע אינטע־רעסן פון לאַנד אויפבוי...

וואָלט די „הסתדרות העובדים" ניט געווען, וואָלט דער לעבן געצוואונגען אַזעלכעס איצט צו שאַפן, אָבער זי וואָלט געבאָרן גע־וואָרן דאַן אין ווייען פון קאַמפּן, שטרייטן א. ד. ג. און וואָלט בלויז געטראָגן א כאַראַקטער פון אַן ארבעטער פאַרבאַנד, וועלכער קעמפּט פאַר זיינע רעכטן. צום גליק האָט ישראל אויסגעמיטן דעם פּראָ־צעס און איר ארבעטערשאַפט דערשיינט דורך דער „הסתדרות העובדים" ווי דער וויכטיקסטער שעפערישער קאָנסטרוקטיווער טייל פון אונזער יונגן אידנשטאַט.

# די „וויצאָ“ אין ישראל

זייענדיק אין ישראל איז מיך אויסגעקומען צו זיך פאַראינ־טערעסירן מיט די פּראָדוקטן פון דער „וויצאָ“ ארבעט אין אָפּשפּיג־לונג פון ישראל אויפבוי. און מען קען, ניט איבערטרייבנדיק זאָגן, אַז די ארבעטן און טעטיקייטן פון דער אלוועלטלעכער „וויצאָ“ אָר־גאַניזאַציע פלעכטן זיך אַריין ווי א שטאַרקער רינג אין קייט פון דער טאָג טעגלעכער אויפבוי ארבעט פון דער אידישער היים אין ישראל.

איך וואָלט געזאָגט, אַז די „וויצאָ“ פילט אויס מיט איר ארבעט די ראָל פון א מוטער אין משפחה לעבן, וועמעס פליכט איז אַריינ־טראָגן וואַרעמקייט, היימלעכקייט און מוטערלעכע זאָרג פאַר דער פאַמיליע, אין דער צייט ווען דער פאָטער איז דער האַרבער פאַר־זאָרגער פון די שווערע לאַסטן און זאָרגן אין משפחה לעבן. און אַזוי פלעכטן זיך אַריין, ווי מוטערלעכע פאַרזאָרגונגען, די אויפטו־ען און שאַפונגען פון דער „וויצאָ“, אין ישראל אויפבוי.

אויף דער אסתר המלכה גאַס, אין דער זייט פון רוישיק פול־סירנדן לעבן פון דער אַלענבי גאַס אין תל אביב, אין אַ שטיל באַ־שיידן 2 שטאָקיקן הויז, האָט זיך אויסגעשפּרייט די וועלט צענט־ראַלע פון דער אלוועלטלעכער „וויצאָ“ אָרגאַניזאַציע. איך גייט אַריין אַהין און ווי איר וואָלט אַריינגעפאַלן אין א „ווייבערישער“ מלוכה... די אינפאָרמאַטאָרין איז א פרוי מיט באַזילבערטע האָר, וועלכע גיט אייך גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן געבוי פון דער צענטראַלע, אירע אָפּטיילונגען און אלע אירע אָפּצווייגונגען איבערן גאַנצן לאַנד.

די „וויצאָ“ האָט פאר דער צייט פון איר עקזיסטענץ, געשאַפן אין ישראל גרויסע ווערטן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן און מיטגע־ווירקט צום אויפבוי פון לאַנד.

איינוואָרצלונג, אויסבילדונג, פאַרפולקאָמונג פון דעם נייעם אימיגראַציע שטראָם פון פרויען און קינדער — דאָס איז איר פּראָגראַם פון ארבעט.

אירע ארבעטן זענען געקירעוועט — ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט — אין גייסט פון מוטערלעכע פאַרזאָרגונג און דאגה פאַר דעם נייעם עולה און קינד, וואָס קומען אַריין אין לאנד.

גאָר שטאַרק איז געווען איר טעטיקייט אין צייט פון דעם לעצטן קריג. איבערן גאנצן לאנד, אין יעדער שטאָט און דאָרף, האָבן זיך אויסגעשפּרייט די אנשטאַלטן פון דער „וויצאָ". גלייך ביי דיין אַראָפּגיין פון שיף, אלס נייער עולה, באַמערקסטו די פאַרשטיי־ערינס פון „וויצאָ", וועלכע קומען אייך צו באַגריסן, מיטברייינגענ־דיק אַלערליי זיסוואַרג און שפּילצייג פאַר די קינדער. די אָנגעקומענע פריילעך באַקומען דורך די „וויצאָ" פאַרשטייערינס די געהעריקע עצות אין ראַט און טאַט.

אין בית עולים — עמיגראַנטן דורכגאַנגס פּלאַץ פאַר נייע עולים — זאָרגט די „וויצאָ" פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון קינד און פרוי, פאַר דער צייט פון זייער געפינען זיך דאָרטן.

צענדליקער אנשטאַלטן פאַר קינדער דערציאונג, וואו עס געפי־נען פּלאַץ היימלאָזע קינדער, וועלכע האָבן פאַרלאָרן די עלטערן, אָדער פאַראומגליקט געוואָרן דורך אַנדערע סיבות. פיל אַנ־שטאַלטן אין די שטעט פאַר די נייע אָנגעקומענע עולים, ווערן אויס־געהאַלטן דורך דער „וויצאָ".

צו הילף די נייע עמיגראַנטינס, אָרגאַניזירט די „וויצאָ" פיל בתי חלוצות. דאָס זענען אַזעלכע גרויסע בשותפות'דיקע וואוין פּלע־צער, וואו די נייע עולה קריגט אַ פּלאַץ צום וואוינען, ביז זי קריגט פאַר זיך אַ צימער.

די בתי חלוצות זענען איינגעאָרדנט מאָדערן, היגיעניש און מיט קאָמפאָרט. פ א ר ש יי ד ע נ ע קורסן פאַר דער באַ־קוועמלעכקייט פון אויסלערנען זיך שנעל אַ פאַך, וועלכער איז נוי־טיק פאַר דעם לאנד, קען די נייע עולה באַקומען דורך דער „וויצאָ". אַזעלכע בתי עולות און פאַך קורסן עקזיסטירן איבעראַל אין לאַנד; אין תל אביב, ירושלים, חיפה, נתניה, הרצליה און אין פיל אַנדע־רע מושבות.

אין צייט פון קריג פאַר אונזער זעלבסטשטענדיקייט, האָט די „וויצאָ" אַרויסגעוויזן אַ גאָר גרויסע אַקטיוויטעט. דער אידישער

זעלנער איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט זאָרג און סימפּאַטיע דורך די „וויצאָ" טוערינס.

איבערן גאַנצן לאַנד האָבן זיך אויסגעשפּרייט ספּעציעל מאָדערן איינגעאָרדנטע „זעלנער קלובן", וואו די פרויען פון „וויצאָ" פלעגן אויספירן אַלע אַרבעטן דאָרט, מאָביליזירנדיק פאַר דעם די פרויען פון גאַנצן ישוב. אין אַזאַ זעלנער קלוב, פלעגן די זעלנער אין צייט פון זייער אורלויב, וועלכן זיי פלעגן באַקומען, קענען פיזיש און גייסטיק זיך אָפּרוען. אַזעלכע קלובן האָבן זיך געפונען אין אַלע גרעסערע פונקטן פון לאַנד. אין אַזאַ קלוב, פלעגט דער זעלנער קריגן די פּרעסע פון לאַנד און פון אויסלאַנד, ראַדיאָ, מוזיק, אַרטיס-טישע אַרויסטרעטונגען א. ד. ג. ווי אויך א געשמאַקן גאַרהאַלטן מאָלצייט און אַנדערע שפּייזן. די באַדינונג פאַר די זעלנער, פלעגט געמאַכט ווערן דורך א פרייוויליקן דיזשור פון די „וויצאָ" מאָבי-ליזירטע.

אין די שפּיטעלער, אַפילו היינט פאַר די פּראָוויזאָרישע, קראַנ-קע און אָפּגעשוואַכטע זעלנער, פלעגן די פרויען פון דער „וויצאָ", זאָרגן פאַר זייער גוטן פילן זיך.

די פרויען פון „וויצאָ" פלעגן טאָן זייער אַרבעט דורך דעם ועד למען החייל, דאָס הייסט: קאָמיטעט פאַרן זעלנער, וואו זיי פלעגן זיין די הויפּט אַקטיוויסטינס.

איך וועל דאָ ניט אויסרעכענען די פיל אַנשטאַלטן, וועלכע די „וויצאָ" האָט געשאַפן אין אונזער לאַנד, ווייל עס וועט פאַרנעמען פיל פּלאַץ. איך וועל נאָר פאַרענדיקן מיט דער באַ-שרייבונג פון קינדער מוסד פון „וויצאָ", וועלכער האָט זיך צעלייגט אויף דעם העכסטן פונקט פון חיפה, אויף דער „אחוזה".

פאָרנדיק מיטן אויטאָבוס פון דער אונטערשטער טייל שטאָט אין חיפה, קלעטערסטו אַרויף צום הר הכרמל, פון וואַנען עס פאַר-נעמט זיך דער שאָסיי אַרויף צום העכסטן פונקט פון חיפה, צו דער אַזוי גערופענער „אחוזה", וועלכע ליגט עטלעכע הונדערט מעטער הויך איבערן ים אויבערפלאַך. די לופט איז דאָרט קיל און דורכזיכטיק. דאָ איז איינער פון די שענסטע און באַקוועמסטע פּלע-צער אין ח י פ ה און ישראל בכלל. פון דאָרט ווען דו בליקסט אַראָפּ נידעריקער, זעסטו דעם ים, וועלכער שפּרייט זיך

אוים צופוסנ׳ס דער שטאָט חיפה. ווען דו בליקסט אַראָפּ, כאַפּט דאָס אויג אַרום די צעשפּרייטע אַרבעטער קאָלאָניעס און דעם מפרץ חיפה. ביינאַכט איז דאָס בילד גאָר פאַרכאַפּנד, טויזנטער, טויזנ־טער ליכטן פון פאַרשיידענע קאָלירן פינקלען אַרום און עס דוכט זיך ווי גאַנץ חיפה איז אויסגעזועצט אין פילע, פילע קאָלירפולע דימענטן.

דאָ אויף דער „אחוזה" אָן דער זייט פון שאָסיי, צווישן גרינע בוימער און גראָז, האָט זיך צעלייגט דער „מוסד ילדים" (קינדער־אַנשטאַלט), פון „וויצאָ". די געביידע איז מאָדערן איינגעריכטעט. מיט אַ גרויסן באַקוועמען עס זאַל, לייען זאַל, שפּיל זאַל און אָרט פאַרן צוזאַמענקום פון דער הנהלה (אָנפירערשאַפט). אַרום ליגן צע־לייגט די וואוינונגען פון די קינדער.

צו ריי מדריכים (ערציער) און אַ ספּעציעלער פּערסאָנאַל פּאַר־נעמט זיך מיט דער דערציאונג פון די קינדער. די באַקוועמלעכקייט דאָרט איז אַזוי געאָרדנט ווי אין אַן אָפּרו הויז.

און אַזעלכע אַנשטאַלטן זענען דאָ זייער פיל. אַרויסגייענדיק פון אַ באַזוך פון דעם מוסד, האָב איך געטראַכט, ווי געבענטשט דאַרפן זיין די הענט פון די פרויען, וועלכע האָבן געאָרדנט און גע־שאַפן פיל אַזעלכע ווינקלעך. וואָס איז דער גרעסטער אויפטו אין לעבן, אויב נים מיטווירקן מיט אַרבעט צום גליק און וואוילזיין פון מענטשן? און אויב אַזעלכע אַנשטאַלטן פאַרן קינד — צוקונפטיקן בירגער פון לאַנד — זענען געמאַכט און געאָרדנט דורך דער „וויצאָ" — איז וואָס קען נאָך זיין פאַראַ בעסערער ביישפּיל, פאַר זייער הויכע פליכטן וועלכע זיי פילן אויס?

# די ראָל פון ציוניזם איז נאָך ניט פאַרענדיקט

טראַכטן זיך אָפּט אידן אין פרייער צייט: אַן אידישע מלוכה האָבן מיר שוין אויסגעקעמפט. אַלעס קלאַפּט נאָרמאַל; אַן אידישער פּרעזידענט, אידישע מיניסטאָרן, אידישע פּאָליציי, אַן אידישע אַר־מיי, אַלץ, אַלץ וואָס א נאָרמאַל פאָלק דאַרף האָבן, איז ביי אונז שוין דאָ. איז הייסט עס משיח׳ס צייטן. אַלץ איז „אָל רייט״. מען קען שוין כאַפּן אַ רואיקן אָפּרו דרעמל, נאָך די פילע אָנשטריינגונגען, פון הערן תמיד ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, פון בסדר שפּענדן פאַר נאַציאָנאַלע פאָנדן און אַנדערע פליכטן.

מיר האָבן זיך שנעל צוגעוואוינט צו די טערמינען און באַגריפן ווי אייגענער שטאַט, אייגענע זעלבסטשטענדיקע פּאָליטיק, אַרויס־טרים פון אונזערע פאַרשטייער אין דער „אָנו״ א. א. וו.

פאָרן איצט אידן נאָך ישראל, מיט אַן אידישער וויזע, וואָס ווי באַקומען פון דעם אידישן קאָנסול. פיל פאָרן נאָר כאַפּן א קוק אויף דעם אידישן שטאַט. קומענדיק אהין, גייט מען באַטראַכטן אַלץ וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן ביז איצט מיטן אויג פון א טוריסט, וואָס זוכט שטענדיק לייכטע, אינטערעסאַנטע זאַכן צום זען, וואָס זאָל פאַרשאַפן פאַרגעניגן און לוסט זיין אויג און נשמה.

קוקן זיך צו פיל פון די באַזוכער און מעסטן און פאַרגלייכן אַלעס וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן אין ישראל, מיט די אַנדערע לענדער און שיינע פלעצער אין דער וועלט.

מען דערציילט דערנאָך אין די באַריכטן — אומקערנדיק זיך אהיים — ווי וועגן א נאָרמאַל שוין פון יאָרן לאַנג עקזיסטירנדער לאַנד. דערביי קריטיקירט מען אָפּט; מען האָט ניט גוט אויפגענומען, ווייניק כבוד באַקומען — ווייל צופעליק איז דער באַזוכער א פאַר־דינסטפולער ציוניסט און ער האָט געהאַלטן, אַז אים קומט פיל כבוד און אַפילו גרויסע הנחות ביים וועלן איינאָרדענען ביזנעס... הכלל מיר זענען געוואָרן א פאָלק מיט א צוגאַנג צו אונזער שטאַט ווי שוין פון יאָרן נאָרמאַל אָרגאַניזירט.

איז זאָלן מיר קלאָר מאכן: די אידישע מדינה איז ניט אַנט־שטאַנען א דאנק דער אָפּשטימונג אין אָנו און אפילו ניט בלויז א דאנק דער געוואונענער מלחמה. דאָס זענען נאָר עטאַפּן, אפשר דעצידירנדע אין דער פּאַרווירקלעכונג פון מדינת ישראל. אָבער די ארבעט און קאַמף פאַר ישראל׳ס זעלבסטשטענדיקייט, ציט זיך שוין פון זייט צענדליקער יאָרן חלוצישער אָפּפערווויליקייט; פון די גרויסע אידעאַליסטן, וועלכע זענען געפאַרן קיין ישראל, פון די שטראָמען געלטער פון נאַציאָנאַלע פאָנדן, וועלכע האָבן שפּאַן נאָך שפּאַן געטראָטן איינגעמענדיק די ארץ ישראל מדבריות, שאַפנדיק א קאָלאָניע, נאָך א קאָלאָניע, פלאַנצנדיק אַ בוים נאָך אַ בוים. דערביי האָט אויך דער פּריוואַטער קאַפּיטאַל, אַריינקומענדיק, האַנט ביי האַנט, געהאָלפן צו אַנטוויקלען און בויען דאָס ריזן ווערק.

צענדליקער יאָרן פון קאַמף מיט כלערליי העצער און שטערער אין דער גאָרער וועלט און אין לאַנד גופא.

און אַזוי האָט עקזיסטירט די גאַנצע צייט אַן אונטערערדישע מלוכה אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָנגעפירט מיטן לעבן פון לאַנד, קירעווענדיק דעם אויפבוי פּראָצעס אין דער ריכטונג, כדי צוצוקומען צו אַן אידישן זעלבסטשטענדיקן שטאַט.

האָט זיך דאָך אונזער רענעסאַנס און באַפרייאונגס קאַמף אונ־טערשיידעט פון די קאַמפן פון אַנדערע פעלקער פאַר זעלבסטשטענ־דיקייט מיט דעם, וואָס מיר זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט און מיר האָבן געדאַרפט פאָרן טויזנטער מיילן ווייט, בכדי צוצוקומען צום פּלאַץ פון אונזער ציל. מיר האָבן געדאַרפט ברעכן גרענעצן און שטאַרק באַוואַכטע ברעגן. מיר האָבן געדאַרפט פירן אין „וואַליזקעס" געפּאַקט אונזער קולטור, זיטן און מנהגים צו איבערפלאַנצן זיי אויף אונזער ערד, וועלכע האָט גע־קרעכצט אונטערן יאָך פון דעם ענגלישן אונטעריאָכער.

זענען געווען דאָן היץ קעפּ, וועלכע האָבן געזאָגט: זאָלן מיר מיט שווערד תיכף אויסקעמפן אונזער זעלבסטשטענדיקייט. אָבער זיי האָבן פאַרגעסן דערביי, אַז בכדי צו קעמפן מוז מען צו ערשט זייי־ען פעלדער, אויף וועלכע מען זאָל קענען דערנאָך פירן אַ קאַמף.

און דאָס האָט געטאָן דער „קליין ציוניזם" — ווי אַנדערע האָבן געפּרואווט פאַרשרייען די אויפטוען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

און די פּראַקטיק האָט געוויזן, אז דאָרט וואו א פונקט איז גע־
שאַפן געוואָרן, איז ער דערנאָך אַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער אידי־
שער מדינה. צום ביישפּיל, דער נגב. צו ערשט האָבן אַהין אַרויפגע־
טראָטן די חלוצישע פּיאָנערן און דאן איז שוין געשלאָסן געוואָרן
דער אייביקער בונד, צווישן דעם מדבר און פֿאָלק.

נייע טיפּן אידן פון ארבעט אין פעלד און ווירטשאַפט, אין פאַב־
ריק און וואַרשטאַט, האָט דערצויגן די ציוניסטישע חלוציש פּיאָנערן
באַוועגונג און אַזוי איז אויפגעקומען דער נייער טיפּ פון יש־
ראל ישוב.

דער ציל פון דער ציוניסטישער אידייע איז געווען ניט נאָר
שאַפן אַ פּלאַץ פון א גרעסערן קאָמפּאַקטן ישוב אין ארץ ישראל, נאָר
פון שאַפן און ערציען די אַלע עלעמענטן, וועלכע א געזונט נאָרמאַל
פֿאָלק דאַרף האָבן.

דאַרפן מיר דעריבער פאַרשטיין, אז ווען מיר פאָרן אויף א
לוסט רייזע קיין ישראל, דאַרפן מיר ניט מעסטן דאָס לאַנד לויט
דער גרויס און שיינקייט פון די קאַפּיטאַלן פון תל אביב, אָדער באַ־
קוועמלעכקייטן און קאָמפאַרטן פון די האָטעלן א. א. וו. איך וויל
ניט זאָגן, אז דאָס איז ניט נויטיק. א נאָרמאַל פאָלק, מיט א נאָרמאַל
לעבן דאַרף עס אויך. הלואי זאָל זיך עס מערן און אונזער לעבן זאָל
אַננעמען אַלע פאָרמען פון א נאָרמאַל לעבנדיק פאָלק. אָבער ישראל
איז דאָך דער פּלאַץ, וואו א ניי אידיש לעבן שאַפט זיך,
פון נייע טיפּן אידן, פון ארבעט, שוויים, אידעאַל און מוסטער
מענטש. ישראל דאַרף זיין אפילו ווערנדיק אַ גרויסער שטאַט —
דער גרויסער מרכז רוחני — גייסטיקער צענטער, וואָס לייכט ווי אַ
לייכט טורעם פאַר זיך, פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק און פאַר דער אוי־
סערלעכער וועלט.

און ישראל וועט זיך ניט קענען בויען און אויסברייטערן אין
דעם גייסט, אויב עס וועט אָפּגעשטעלט ווערן די ווייטערדיקע אידע־
אַלע שטרעבונג פון ציוניסטישן גרויסן וויזיע פּראָגראַם פון שאַפן.
ישראל דאַרף זיין די באַזע פון גייסט, קולטור און וואו דאָס אידיש
פאָלק וואָרצלט זיך איין אין אַלע צווייגן פון פּראָדוקטיווער געזונ־
טער ארבעט.

צוריק מיט אָנשטריינגונג צו באַנייען די חלוצישע שטרעמונגען;
פון שאַפן חלוצישע קאַדרען פאַרן לאַנד, פאַרצווייגן די גרויסע

פאָלקס זאמלונגען פארן קרן היסוד, קרן קימת, פאר בויען און שאפן אין לאנד באזיסן פאר דער גרויסער עמיגראציע, וועלכע וועט שטראָמען אַן אויפהער קיין ישראל.

שאפן די נויטיקע סומען פאר בויען גרויסע קולטור צענטערן, שולן, אוניווערזיטעטן, ביבליאָטעקן, מוזעאומס און אַלע איבעריקע קולטור צענטערן, וואו דער אידישער זשעני זאָל קענען אנטוויקלען זיין מעטיקייט פארן לאנד. די ישראל רעגירונג, וועט עס ניט קענען מאכן אליין מיט אייגענע מיטלען און קרעפטן, ווייל אירע פליכטן אלס א רעגירונג, וועלכע דארף לייזן גרויסע שוועריקייטן ארויסגערופענע דורך מלחמה יאָרן און וועלכע דארף שאפן א ניי מאָדערן טעכניש געשולטע און באוואָפנטע ארמיי, זענען זייער גרויסע. און מיר מאָרן ניט פארגעסן, אז די רעגירונג וועט קיינמאָל ניט קענען אָפּשליסן די טויערן פון לאנד פאר אימיגראציע מיטן מאָטיוו פון ניט אויפנאמס פייאיקייט, צוליב שווערער עקאָנאָמישער לאגע, ווי עס טוען עס אַנדערע מלוכות און פון דאנען, די ווייט ניט פארענדיקטע ראָל און ארבעט פון דער ציוניסטישער אידייע.

עס ליגט אויך דער הייליקער חוב אויף דער ישראל רעגירונג און דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאניזאציע צו שאפן די געהעריקע פארשטענדיקונג און געבן די מעגלעכקייט דעם פריוואטן קאפיטאל צו קומען קיין ישראל. נאָך מער: פאראינטערעסירן דעם פריוואטן קאפיטאל און לאָזן אים אינוועסטירן זיינע געלטער צו אנטוויקלען דאָס לאנד.

דער פריוואטער קאפיטאל דארף אָבער פארשטיין, אז ישראל דארף ער זען, ניט ווי א פלאץ וואו צו מאכן גרויסע פּראָפיטן אויפן חשבון פון פאָלק, אָדער וועלן פארשקלאפן איר אלס א קאָלאָניע צום אויסלענדישן קאפיטאל, ווי מיר זעען עס אין פיל אַנדערע פלעצער.

עס דארף דער פריוואטער קאפיטאל געפינען דעם וועג פון באפרידיקן זיינע אייגענע אינטערעסן, דורך דינען דערביי אויך די אינטערעסן פון לאנד, פון זיין אייגן לאנד. פארפאלן, קיין אַנדער ברירה האָט ער נים. פון ווייניקער ריווח, זאָגט מען, ווערט מען ניט בדלות, אָבער ער וועט זיכער זיין דערביי, אז דער אידישער זעלנער וועט איבערוואכן די גרענעצן פון זיין לאנד... און ער וועט ניט זיין אויסגעשטעלט אויפן חסד פון דעם אָדער יענעם מושל אין דעם לאנד וואו ער איז.

און דעריבער מיט דער ערנסטקייט זאָלן מיר צוגיין צום ענין אידישער מלוכה. זאָלן מיר אונזער לאנד ניט אָפּשאַצן מיטן אויג פון א סוח'רישן שטאַנדפּונקט און א צופעליקן טוריסט.

ישראל איז געווען דער פּונקט פון אונזער אידעאל און טרוים. אונזער ספּעציפישע לאגע — זאָגאר אפילו היינט נאָך דער אנטשטיי· אונג פון ישראל — צווינגט אונז צו האָבן אינגאנצן אן אנדער קוק און צוגאנג צו אונזער לאנד.

דער ציוניזם האָט זיין ראָל ניט פארענדיקט מיט דער אנטשטיי־אונג פון מלכות ישראל.

ערשט איצט וועט דער ציוניזם דארפן אנטוויקלען זיין שטאַרקע פארצווייגטע טעטיקייט און דערפילן זיין היסטאָרישע ראָל, אין דער גאָלדענער תקופה וועלכע ער לעבט איבער, מיטן אויפקום פון דער אידישער מדינה.

# אינהאַלט:

## גלות דייטשלאַנד



## קובאַ



## מדינת ישראל

## צ י ו נ י ס ט י ש ע   ט ע מ ע ס

פון מחבר:

איך דריק אויס אַ דאַנק צו אַלע פריינט, וועלכע האָבן מיט מיר קאָאָ־פּערירט ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך, ווי אויך די דריי בראָשורן, וועל־כע זענען דערשינען גלייכצייטיק — ווי מיינע ערשטע שריפטן.